## ביכער פֿון מ. אַליצקי:

אין פֿרעמדן לאַנד, לידער, דײַטשלאַנד, 1948.

פֿריילעכע טעג, לידער, אַרויסגעגעבן פֿונעם בילדונג־קאָמיטעט בײַם אַרבעטער רינג אין ניו־יאָרק, 1962, פּרעמירט פֿון צבי קעסטל ליטעראַטור־פֿאָנד אין מעקסיקע.

לידער צו אַ ברודער (מיט ל. אַליצקי), פֿאַרלאַג נחמני, ישׂראל, 1964.

געקליבענע לידער, פֿאַרלאַג י. ל. פּרץ, תּל־אביב, 1967. באַקומען די פּרעמיע פֿאַר פּאָעזיע, עטאַבלירט בײַם אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור קאָנגרעס און ייִדישן פּען קלוב אין ניו יאָרק.

לידער פֿאַר יוגנט, בילדונג קאָמיטעט בײַם אַרבעטער־רינג אין ניו יאָרק, 1974. פּרעמירט פֿונעם יעקב וויסליץ־ און י. צימערמאַן ליטעראַטור־פֿאָנד אין סידנעי, אויסטראַליע.

לידער פֿון פֿריִער און פֿון איצט, פֿאַרלאַג „ישׂראל בוך”, 1980. פּרעמירט פֿון ייִדישן פּען קלוב, ניו־יאָרק.

גוט יום־טוב קינדער, לידער מיט ענגלישער איבערזעצונג, אילוסטרירט, בילדונג־קאָמיטעט פֿון אַרבעטער־רינג, ניו יאָרק 1981. פּרעמירט פֿונעם קולטור קאָנגרעס אין ניו־יאָרק מיט דער רבקה און יעקב לעווין־פּרעמיע פֿאַר קינדער ליטעראַטור, 1983.

ליד און עסיי, „ישׂראל בוך”, 1988. פּרעמירט מיט דער חיים גראַדע פּרעמיע פֿאַר פּאָעזיע, פֿאַרן יאָר 1991.

עסיי און ליד. פֿאַרלאַג „ישׂראל־בוך” תּל אביב, 1993.

## וואָס דער פּלוימענבוים געדענקט

איך מאַך צו די אויגן און ער איז דאָ. ער שטייט דאָרט, ווו ער איז געשטאַנען, דער בוים. שטאַרק אויסגעוואַקסן, אָבער איינ־געבויגן. די גראָבע צווייַגן ברייט צעשפּרייט, אָבער אויסגעקרימט. די קאָרע אויפֿן שטאַם איז אָפּגעקראָכן און געקנייטשט. אויף איין אָרט אָפּגעריסן און עס קוקט אַרויס דאָס הוילע לייַב; אויף אַ צווייטן — אויפֿגעשוואָלן ווי אַ פּאַכיר.

ער זעט אַצינד זאַכן וואָס ער האָט אין זיינע יונגע יאָרן נישט געזען: אַ ליידיקן מאַרק, דעם פּוילישן קלויסטער אַרומגערינגלט מיט ביימער, ווו עס ווינען טשאַטעס קראָען; דעם אַלטן ייִדישן בית־עולם, ווו עס פֿאַרגייט די זון. אויך רחבותדיקע הימלען זעט ער, הימלען בלויע, גרינגע וואָס הייבן זיך אַרויף, אַרויף, וואַרעמע און פֿרייַנדלעכע, אויך הימלען בייזע, גרויע, שווערע וואָס פֿאַלן אַראָפּ, אַראָפּ און באַגיסן אים מיט וואַסער, דעקן צו מיט געדיכטן שניי.

די רעגנס און שנייען וואַרפֿן אַן אויף אים אַ מידקייט. שלאָפֿט ער איין, צי ער דרימלט. אין די שיינע לופֿטיקע זומערדיקע טעג ווערט אים אומעטיק, כאָטש די וואַרעמע זון גנעמט אַדורך די גלי־דער. עס קומען אויף בלעטער, צוויט און אַפֿילו פֿרוכט — גרויסע טונקל־בלויע פֿלוימען. דעמאָלט קומען אים אויפֿן זיכּרון די אַמאָ־ליקע יונגע יאָרן און לאָזן זיך נישט פֿאַרגעסן. דאָ, ווו ער איז אויפֿגעקומען זענען מיט לאַנגע יאָרן צוריק געשטאַנען הייַזער, אַ ברונעם, אַן אַלטער בית־המדרש. ער איז געשטאַנען לעבן אַ גרויס הויז, לעבן איינעם פֿון די פֿענצטער. פֿון דער צווייטער זייַט, אויך אַ הויז מיט אַ גרויסן גאָרטן. דאָס פֿענצטער האָט שטענדיק געקוקט אויף אים מיט פֿיר ליכטיקע שויבן. דורכן פֿענצטער האָבן זיך

געהערט רייד, אַמאָל שטילע, אַמאָל טומלדיקע; אויך אַ זינגען, אַ שרייַען, אַ לאַכן פֿון קינדער.

ער האָט ליב געהאַט צו הערן סיַי די שטילע רייד, סיַי דעם טומל. ער פֿלעגט זיך אָנבייגן צום פֿענצטער און ווען עס איז געווען אָפֿן — אַרייַנשטעקן אַ צווייַגל. וואָס ער האָט געזען איז אים געפֿעלן.

אין צימער זענען געווען אויסגעזעצט קינדער, ווי די פֿייגעלעך אויף צווייַגן. פּאָר זיי — העפֿטן, ווו זיי האָבן געשריבן און ביכלעך וואָס זיי האָבן פֿון זיי אַרויסגערעדט. אַ גרויסער מענטש איז געשטאַנען פּאָר זיי בייַ אַ טאָוול. אויפֿן טאָוול — ווייַסע בלעטע־לעך, בלימעלעך, אין גלייַכע שורות. ער האָט געטראַכט, דער בוים, אַז דאָס איז אַ מין בלימעלעך וואָס פֿון דעם וועלן ווערן פֿלוימען. קיין פֿלוימען זענען נישט געוואָרן, ווייַל דער מענטש בייַם טאָוול פֿלעגט דעם צוויט אָוועקנעמען מיט עפּעס אין האַנט און דער טאָוול איז געבליבן הענגען ווי אַ שוואַרצער שאָטן. די קינדער האָבן זיך דאָס נישט גענומען צום האַרצן. זיי האָבן זיך העכער צעטומלט און גאָר אַרויסגעלאָפֿן אין דרויסן.

אין דרויסן האָבן זיי זיך אויפֿגעפֿירט גאָר אַנדערש, נישט ווי די שטילע פֿייגעלעך. זיי זענען אַרומגעלאָפֿן, געשפּרונגען, געבאָ־רעט זיך, געפֿאַלן איינער אויפֿן צווייטן, געשריגן, געליאַרמעט. אין טעג פֿון שפּעטן זומער האָבן זיי אים אַפֿילו געטאָן שלעכטס. ווען די פֿלוימען זענען שוין גרויס געווען, פֿלעגן זיי אים וואַרפֿן אין קאָפּ אַרייַן שטעקעלעך, ברעטלעך. מיט די פֿלוימען האָבן זיי אַראָפּ־געריסן צווייַגלעך, בלעטער, און אים ווייַ געטאָן. זיי האָבן דאָס געטאָן ווי קינדער טוען, מיט אַ געלעכטער און מיט פֿרייד אין די אייגעלעך. נישט געמיינט קיין שלעכטס. דאָך האָט ער זיך איין מאָל פֿאַרקלאָגט פֿאַרן לערער, וואָס איז געזעסן אין זייַן שאָטן אויף אַ שטול.

— קינדער דאַרף מען לערנען נישט בלויז לייענען און שרייַבן. זיי דאַרפֿן אויך וויסן ווי אויפֿצופֿירן זיך. זיי דאַרפֿן וויסן נישט צו ברענגען עמעצן קיין שאָדן, פֿאַרשאַפֿן ווייטיק. זיי ווילן אַ פֿלוים

— זאָלן זיי מיך שטאַרקער אַ טרייסל טאָן. איך וועל זיי נישט זשאַלעווען קיין פלוימען...

אַזוי האָט ער מיט די בלעטער אַריַינגעשאָרכעט דעם לערער אין אויער אַריַין. זעט אויס, אַז דער לערער האָט זיַינע ווערטער איבערגעגעבן. דעם זומער זענען מער קיַין שטעקלעך אויף אים נישט געפאַלן. האָט ער אַליין, מיט דער הילף פונעם ווינט אַראָפּגע־וואָרפן פון די שענסטע ריַיפסטע פלוימען זיַינע און מיט שמחה געקוקט ווי דאָס קליינוואַרג קלײַבט זיי אויף, באַקוקט זיי, גלעט זיי און עסט זיי אויף.

— עסט געזונט — האָט ער געראוישט מיט די בלעטער.

ער בענקט נאָך די קינדער נישט נאָר אין די זומערדיקע הייסע נאָכמיטאָגס, ווען די זון שטייט איבערן קאָפּ. גאָר שטאַרק בענקט ער צו די פאַרנאַכטן, ווען עס איז געוואָרן קיל און שאָטנדיק. אין געוויסע פאַרנאַכטן, געדענקט ער, ווען אים האָט שוין אינגאַנצן צוגעדעקט דער שאָטן פונעם הויז, פלעגן קינדער זיך אומקערן מיט ביכער אין די הענט. דעמאָלט האָט אין איין צימער פון דער שול געברענט אַ לאָמפּ, און ער האָט גוט געקענט זען די צוויי גרויסע שאַפעס מיט ביכער. אַרויסקומענדיק פלעגן די קינדער אויך מיט ביכלעך אין די הענט און אַוועקגיין. אַנדערע זענען פאַרבליבן, געזעסן אויף דער באַנק ביַים גאַניקל, נישט וויַיט פון אים און געזונגען. עטלעכע ווערטער געדענקט ער:

„שטערנדל, שטערנדל
בלויער שטאַפּעטעלע".

דער ניגון פונעם ליד איז געווען אַ טרויעריקער און אָוונטי־קער. ער האָט דעמאָלט אַרויפגעקוקט אין דער טונקלניש פונעם הימל און טאַקע געזען שיינע בלויע שטערנדלעך. וואָסער שטערנדל די קינדער האָבן געמיינט, האָט ער נישט געוווסט. נאָך אַזויפיל יאָרן הערט ער איצט דעם ניגון אינעם בלאָזן פונעם ווינטל, וואָס קומט צולויפן פונעם לײַדיקן מאַרק און לויפט אַוועק צום פוילישן

קלויסטער. דער ניגון האָט אים דעמאָלט פאַרוויגט אין אַ זיסן שלאָף. אויך איצט, איינגעבויגן, דערפילט ער אַ זיסע מידקייט.

אויסער דעם וואָס די קינדער האָבן אים פאַרשאַפט אַ סך פרייד און אַביסל אָנגעטאָן צרות, האָבן זיי, געדענקט ער, אים אויך בפירוש גוטס געטאָן. ווען די טעג זענען שוין געוואָרן גאָר הייס און ער האָט דערפילט די ערשטע פריידן פון גרינען און בליִען, זענען פון דער ערד געקראָכן אויף אים שמאָלע לעבעדיקע פינטעלעך, מוראַשקעס, און געביסן זיין לייב. דעמאָלט פלעגן קו־מען צו אים דורך עטלעכע טעג פאַרלעך קינדער און אַרויפטאָן אויף אים ביזן קאָפּ אַ נאַסע ווייסקייט. די נאַסקייט פלעגט אַוועק־קומען און אין דער ווייסקייט זענען די שוואַרצע פינטעלעך מער נישט געקראָכן. אויך ווען צווישן זיינע בלעטער זענען אויפגעקו־מען מחנות זשוקעס וואָס פלעגן זיי אויפעסן שטיקלעכווייז, זענען געקומען קינדער און גענומען טרייסלען און אַראָפּגעטרייסלט די זשעדנע הונגעריקע זשוקעס.

— ווו זענען זיי איצט? איך וואָלט זיי אַרומגענומען מיט אַלע מיינע בלעטער.

— ווו זענען זיי איצט? — טראַכט דער בוים — געוויס שוין אַלט און איינגעבויגן, ווי איך.

כאָטש פון צווייטן הויז איז ער געשטאַנען ווייט אָפּגערוקט, האָט ער מיט פאַרגעניגן אויף דעם געקוקט און דאָס ליב געהאַט.

עס איז געווען אַ גרויס הויז מיט ברייטע פענצטער און אַ שיינדלענעם דאַך. אין די פענצטער זענען געשטאַנען קליינע טעפּע־לעך מיט בלומען. עס איז צו ווייט געווען פאַר אים צו זען וואָס אין שטוב טוט זיך. ווען איז הויז פון דער שול איז געווען שטיל, האָט ער געהערט פון ווייטן דאָס שטעפּן פון אַ ניי־מאַשין. פון סאַמע קאַיאַר, ווען די לופט איז נאָך קיל געווען ביז טיפער נאַכט, האָט די מאַשין גערוישט. אָפט האָט אים דאָס רוישן אויפגעוועקט פון שלאָף און נאָך אָפטער פאַרוויגט אין שלאָף. גוט זען האָט ער געקענט די מענטשן וואָס זענען אַריין און אַרויסגעקומען.

פֿאַרשיידענע מענטשן. זיי האָבן געטראָגן אין די הענט הויזן, רעקלעך, מינצסטנס גראָבע פּויערישע פּעלצן. געווען אָונטן ווען ער האָט געזען דורכן ווינטן פֿענצטער קליינע פֿלעמעלעך און דער־נאָך איז אַ גאַנצן טאָג שטיל געווען. זייער שטיל. דעם טאָג פֿלעגן די מענטשן גיין אין דעם בית־המדרש אַרײַן, וואָס ער, דער בוים, האָט קוים געקענט זען — אַ הויז פֿון ציגל מיט גרויסע פֿענצטער און אַ הויכע טיר, ווי אַ טויער. געגאַנגען זענען אַלע פּאַמעלעך, פֿאַרטראַכט און מיט אַ יום־טובדיקן ערנסט. עס האָט לאַנג גע־דויערט ביז זיי זענען פֿון בית־מדרש צוריקגעקומען.

די מענטשן האָבן זיך אויף אים געוויינלעך נישט אומגעקוקט. דעם טאָג — יאָ, ער געדענקט ווי זיי האָבן זיך לעבן אים אָפּגע־שטעלט און באַקוקט. ער איז זיי געפֿעלן. אויך ער האָט פֿון דעם הנאה געהאַט און געפֿילט זיך היימישער און אויפֿגעלייגטער.

די פֿריידן און הנאה האָט ער געהאַט אין די זומער־חדשים. האַרבסט־צײַט איז ער געשטאַנען אין רעגן און אין נעפּל; ווינטער — פֿאַרוויקלט אין שנייאיקע טיכער. ער האָט קוים געקענט הערן דאָס זינגען פֿון די קינדער; דעם רויש פֿון דער ניי־מאַשין. האָט ער געטראַכט פֿון זיי און אים איז גוט געווען.

אויך איצט ווערט אים לײַכטער, ווען ער דערמאָנט זיך די יונגע יאָרן. איצט, ווען ביידע שטיבער זענען נישטאָ. דער בית־מדרש איז נישטאָ. פֿון איין זײַט איז דער ליידיקער מאַרק, אַ מאַרק אָן קראָמען; פֿון דער צווייטער — גערטנער צי פֿעלדער. קינדער זינגען נישט און וואַרפֿן נישט קיין שטעקלעך, כאָטש ער שטייט באַלאָדן מיט בלעטער און מיט פֿרוכט — זאַפֿטיקע, טונקל־בלאָע פֿלוימען.

פֿון דיביימער אַרום דעם פּוילישן קלויסטער הייבן זיך טשאַ־טעס קראָען, קרײַזן אַרום איבערן שטילן פֿאַרנאַכטיקן הימל און לאָזן זיך צוריק אַראָפּ אויף די ביימער מיט אַ בייז קראַקערײַ. איבערן יידישן אַלטן בית־עולם זעצט זיך די זון, אַ גרויסע פֿײַער־דיקע זון, וואָס ער האָט דעמאָלט, אין זײַנע יונגע יאָרן, נישט געזען.

זי וואַרפֿט אויף אים אַ רויטע דראָענדיקע שײַן. ער, פֿאַרזונקען אין געדאַנקען, זעט זי נישט. ער זעט יענע זון, וואָס איז געהאַנגען איבער די צוויי הײַזער אין זײַן יוגנט, אַ מילדע זון און אַ פֿרײַנדלעכע. אין איינעם קוקן זיי אַרײַן אין אָפֿענעם פֿענצטער פֿון וואַנען עס טראָגט זיך דער פֿריילעכער טומל פֿון קינדער.

— ווּ זענען זיי? — טראַכט ער — וואָס איז מיט זיי געשען?

עס פֿאַלט צו דער אָוונט. קילע שאָטנס, פֿילט ער, נעמען אַרום זײַנע צווײַגן מיט ברייטע שוואַרצע טרויער־בענדער.

# ביאָגראַפֿיש

## זישע חזן

דאָס געדענקען דעם נאָמען פֿון אַ מענטש איז פֿאַרבונדן מיט אַ געשעעניש, אַן איבערלעבעניש, אַ לאַנדשאַפֿט, אַ מעלאָדיע. כ׳האָב דאָ אין זינען נישט קיין נאָמען וואָס איז באַרימט, נאָר דעם נאָמען פֿון אַ פּשוטן מענטש וואָס עס איז אויסגעקומען צו הערן. זײַנע ביינער רוען שוין צענדליקער יאָרן אויף דער פּוילישער ערד. מעגלעך, אַז ער איז פֿאַרשריבן אויף אַ מצבה וואָס ליגט אומגע־וואָרפֿן; אָדער שטייט נאָך אײַנגעבויגן אויף אַ ייִדישן בית־עולם אין פּוילן, ווו ס׳איז געווען אַ ייִדיש שטעטל. עס לייענט אים דער ווינט, דער וואָלקן. אַ פֿאַרבלאָנדזשעטער עלנטער פֿויגל קוקט אויף אים פֿאַרוווּנדערט. אפֿשר איז דער נאָמען אין ערגעץ נישט פֿאַר־בליבן, ווײַל דער מענטש אַליין איז געוואָרן ווינט און כמאַרע וואָס וואָגלען איבערן הימל פֿון מײַדאַנעק. דער נאָמען קומט נישט אויפֿן זכּרון, ווײַל מיר הערן וועגן אים רעדן אָדער לייענען אים אין אַ בוך צי אין אַ צײַטונג.

ער קומט דווקא ווען מיר זענען מיט זיך אַליין, ווען עס איז שטיל אַרום; עס זינגט נישט דער ראַדיאָ, עס טומלט נישט די טעלע־וויזיע. ער קומט פֿון די סודותדיקע באַהעלטענישן אין זיכּרון, פֿון גאָר ווײַטע פֿאַרגאַנגענע צײַטן.

בײַ אונדז אין שטוב האָט מען אָפֿט דערמאָנט דעם נאָמען פֿון זישע חזן; אָן דעם „רב" נאָר מיט ליבשאַפֿט און דרך־ארץ. צו דעם וואָס מען האָט וועגן אים געזאָגט, האָב איך זיך רעכט נישט צוגע־הערט, און ווען איך הער זיך צו וואָלט איך סײַווי גאָרנישט פֿאַר־שטאַנען. זיי זענען געווען נישט פֿאַר מײַן עלטער. דאָך געדענק איך, אַז גערעדט האָט מען, אַז זישע חזן האָט געהאַט געדאַוונט אין שטיבל פֿון דעם רבין ר׳ יעקב־לייבעניו און אַז ווען ער איז

געשטאַנען פֿאַרן עמוד און געזונגען האָבן „די שויבן געציטערט״. אַזאַ מעכטיק קול האָט ער פֿאַרמאָגט. די שטוביקע מײַנע האָבן פֿון אים גערעדט ווי פֿון אַ גוטן שכן, אַ פֿרײַנד פֿון דער פֿאַמיליע און דעם זיידנס אַ חבר.

איך געדענק זישע חזן גאָר צוליב עפּעס אַנדערש. די פֿענצטער פֿון זײַן וווינונג, אַפֿילו גאַנץ ווײַטלעך, האָבן געקוקט גלײַך צו די פֿענצטער פֿון אונדזער שטוב. זי האָט זיך געפֿונען הינטער דער ווײַבערשער שול פֿונעם גרויסן בית־המדרש, אין דער רעכטער זײַט פֿון פּאָליש. איך געדענק דעם חדר — גרויס און כּמעט ליידיק. אין זײַן גאַנצער לענג איז דער בית־המדרש געשטאַנען אַנטקעגן אונדזער שטוב. צווישן זיי איז געווען אַ גרויסער ליידיקער פּלאַץ, אַ ראָוו און דער בית־המדרש־ברונעם.

ווען איך האָב אַרויפֿגעקוקט צום בית־המדרש מיט די גרויסע הויכע פֿענצטער, האָב איך אויך געזען די צוויי קליינע פֿענצטער־לעך פֿון זישע חזנס וווינונג. זיי זענען געווען כּמעט בײַ דער ערד, פֿאַרצויגן אָדער נישט מיט קליינע פֿאָרהאַנגלעך, מיט אַ ליפּטשיק, אַמאָל אָפֿן, אַמאָל פֿאַרמאַכט. בייטאָג פֿלעג איך זען באַוועגן זיך סילועטן; בײַנאַכט — אַ שײַן פֿון אַ קליין נאַפֿט־לעמפּל. אין די פֿרײַטיקס פֿאַר ליכט־בענטשן פֿלעגט מײַן באָבע עטלעכע מאָל אַרײַנקומען פֿון קיך און זען צי עס ברענען שוין בײַ זישע חזן די שבת־ליכט. זי איז דעמאָלט צוריקגעלאָפֿן אין קיך וואָס גיכער אויף אַרײַנצוברענגען דעם שבת. זי פֿלעגט זאָגן:

— אַ געזונט אויף זישען. אָן אים וואָלט איך, חלילה, מחלל־שבת געווען.

ווען איך האָב געהערט זישע חזן זינגען, האָבן שוין די שויבן „נישט געציטערט״. ער איז שוין געווען אויף דער עלטער; זײַן ווײַב איז געשטאָרבן און ער איז געווען דער טאַטע פֿון צוויי פֿאַר־זעסענע טעכטער. ער האָט אויסגעזען זייער אַלט און געזען האָב איך מער זײַן געבויגענע פּלייצע, ווי זײַן געעלטערט פּנים.

מײַן חבר לייבעטשקע, בלויז מיט איין יאָר עלטער פֿון מיר,

האָט מיר אויסגעזען ווי „אַ גרויסער״. ער האָט געוווּסט וואָס עס טוט זיך אין בית־המדרש, אין מאַרק, אין פּריוואַטע הײַזער. אויך אין לערנען איז ער געווען העכער פֿון מיר, שטענדיק אַזוי. ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז באַלד וועל איך קענען דעם גאַנצן אלף־בית, האָט ער זיך באַרימט, אַז ער לערענט שוין טראָפּ. ווען איך האָב געלערנט טראָפּ האָט ער שוין געקענט עברי. אַז איך בין שוין דערגאַנגען צו חומש, האָט ער ווידער דאָס אָנגעקומען:

— חומש לערנען קליינע קינדער. איך לערן שוין חומש מיט רש״י.

אויך אויסער אין לערנען האָט ער געהאַט דערגרייכונגען. קומט ער איין מאָל צו מיר מיט דער נײַעס, אַז ער ווערט אַ משורר בײַ זישע חזן. ער וועט מיך מיטנעמען איך זאָל הערן ווי ער זינגט.

זישע חזן איז געשטאַנען אויפֿן בעלעמער און אַרום אים אַ גרופּע ייִנגלעך. ער איז געשטאַנען צו מיר מיט דער פּלייצע. עטלע־כע מאָל האָב איך געזען זײַן פּנים אין פּראָפֿיל פֿאַרגאָסן מיט אַ וואַרעמער בלײַבקייט. כאָטש אויף דער עלטער איז זײַן קול נאָך געווען גענוג קרעפֿטיק. דאָס זינגען איז מיר שטאַרק געפֿעלן. זײַן „כבקרת רועה עדרו, מעביר צאנו תחת שבטו״ געדענק איך ביז הײַנט. ער האָט דאָס צוויי מאָל געזונגען. דאָס ערשטע מאָל פּאַמע־לעך, וואָרט נאָך וואָרט, ריטמיש אַרויסגעבראַכט מיט געפֿיל. דאָס צווייטע מאָל האָט ער אויפֿגעזונגען הויך, מיט געבעט און געוויין, אַז עס האָט אָנגעכאַפּט בײַם האַרץ. די ווערטער רועה און תחת האָט ער צוויי מאָל איבערגעחזרט. לייבעטשקע האָט געזאָגט:

— ער שרײַט נישט, ער כּעסט זיך נישט ווי מײַן רבי. ער לערנט אונדז שיין זינגען.

דעם ראש־השנה בין איך ביידע טעג געווען מיט לייבעטשקען אין בית־המדרש. מײַנע אַפּיקורסישע ברידער האָב איך עס נישט דערציילט.

✶

אין אַ נאָך טיפֿער באַהעלטעניש פֿון זיכּרון ליגט אַ לאַנדשאַפֿט:

אין אַ גרויען רעגנדיקן טאָג, האָט מיך אסתּר, זישע חזנס אַ טאָכ־טער, אַרויסגעטראָגן פֿון שטוב. זי האָט מיך געטראָגן פֿאַרוויקלט אין אַ שאַל איבערן לײדיקן פּלאַץ צווישן אונדזערע הײַזער, אַריבער דער קלאָדקע פֿון ראָוו, פֿאַרבײַ דעם בית־המדרש־ברונעם מיטן הויכן אַסוויר. איך בין געלעגן אין שאַל ווי אין אַ נאַסן וואָלקן.

זי האָט מיך געבראַכט צו זיך אין וווינונג, וווּ קײנער איז ניט געווען. אַ גרויסער חדר כּמעט לײדיק. זי האָט מיר אַרומגעווישט דעם פּנים, די הענטלעך און אַוועקגעשטעלט בײַ דעם פֿענצטער:

— קוק, דאָס טראָגט מען אַוועק דײַן מאַמען.

איך האָב אַרויסגעקוקט. דער הימל איז געווען געדיכט פֿאַר־וואָלקנט. עס האָט שטאַרק גערעגנט. דורך דער נאַסער גרויקייט האָב איך קוים געזען אונדזער שטוב. אין אַ זײַטיק פֿענצטער איז געווען האַלב ליכטיק. אַ געזעמל מענטשן איז אַרויסגעקומען, געט־ראָגן אין דער הייך עפּעס שמאָלס און טונקלס. די מענטשן האָבן געשפּאַנט גיך, גיך, כּמעט געלאָפֿן. דאָס שמאָלע און טונקעלע אין דער הייך איז אויך געשוווּמען גיך, גיך, אַרײַן אין די וואָלקנס.

אסתּר דעם חזנס האָט מיך אָנגענומען בײַ דער האַנט. ביידע האָבן מיר געקוקט אויף די ריטשקעס טרערן וואָס זענען געראָנען איבער דער שויב.

זישע חזן מיט זײַן צווייטער טאָכטער זענען געווען אויפֿן וועג צום בית־עולם, אין דעם געזעמל אײַלנדיקע.

### חבר נעכעס

דעם נאָמען נעכעס האָב איך געהערט ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָר זיבן־אַכט. פֿון דעמאָלט אָן האָב איך זיך אויף דעם נאָמען נישט אָנגעטראָפֿן, נישט אין לעבן און נישט אין דער ליטע־ראַטור. נעכעס איז דער גענעטיוו פֿונעם ווײַבערשן נאָמען נעכע, ווי לעיעלעס איז עס פֿונעם נאָמען לאהלע, פֿאָנעטיש אויסגעלייגט; באַשעוויס — בת־שבע׳ס.

איך לערן זיך אין דער ייִדישער שול. אין שול בין איך ביז

דריי נאָך מיטאָג. נאָכן טאָן די היימאַרבעט קום איך ווידער אין שול אַרײַן. אַ סך קינדער קומען. מיר זיצן אין ביבליאָטעק, שפּילן דאַמקע אין קלוב, זינגען לידער אין דרויסן אויף דער באַנק. אין שול איז צו זען און צו הערן. מענטשן קומען בײַטן אָדער לייענען ביכער; דער דראַמאַטישער קרײַז מאַכט רעפּעטיציעס. עס גרייט זיך דער כאָר מיט נײַע לידער; יונגוואַרג קומט אויף ראַנדקעס. די מענטשן וואָס קומען, זאָגן, אַז זיי זענען יידישיסטן, סאָציאַ־ליסטן. נישט אַלע זאָגן דאָס זעלבע. זיי אַמפּערן זיך, קאָכן זיך, שרײַען. אויך איך בין אַ יידישיסט. איך האָב ליב ייִדיש, מײַן יידישע שול. מײַן גוטע באָבע רעדט ייִדיש, די ברידער זענען ייִדישע שרײַבער. איך בין אויך אַ ייִדישער סאָציאַליסט. איך ווייס אַז אויף דער וועלט זענען דאָ אָרעמע און רײַכע. עס דאַרף אַזוי נישט זײַן. מיר האָבן שוין געלערנט „באַנצע שווײַג״, אַפֿילו געמאַכט אַ משפּט איבער אים און אים פֿאַרמשפּט הלמאַי ער שווײַגט, ער פּראָ־טעסטירט נישט, מאַכט נישט קיין רעוואָלוציע. איך האָב שוין אויך געלייענט גאָרקין, מיכאַלעוויטשן, געלייענט וועגן סיביר און געזונ־גען רייזינס „הוליעט, הוליעט בייזע ווינטן״.

אַ סך פֿון די מענטשן זענען בונדיסטן. זיי שאַפֿן געלט פֿאַר דער שול, ברענגען אַראָפּ לערערס, פֿאַרשפּרייטן ייִדישע ביכער און צײַטונגען. בין איך שטאַרק צופֿרידן ווען אַ מיידל פֿון בונד קומט צו צו מיר און זאָגט איך זאָל קומען צו דער פֿײַערונג פֿון ערשטן מאַי, וואָס וועט זײַן בײַ איר אין הויז. עס קומט אַ חבר פֿון ראָוונע, חבר נעבעס.

ראָוונע איז אַ גרויסע שטאָט און חבר נעבעס פֿון ראָוונע מוז זײַן אַ וויכטיקער טוער פֿון „בונד״, און דער ערשטער מאַי איז אַ גרויסער יום־טוב בײַ אַרבעטער. זיי גרייטן זיך צו דער רעוואָלוציע.

דאָס צימער איז געווען פֿול מיט מענטשן. אַ סך פּנימער זענען מיר געווען היימיש. איך האָב זיי געזען אין שול. עס האָט זיך שטאַרק געטומלט און איינער דעם אַנדערן האָט געבעטן רעדן שטיל. מע איז געזעסן אויף בענקעלעך, אויף אַ טאַפּטשאַן, אויפֿן

בעט און אויף דער פּאָדלעגע. אין צימער איז געווען זייער טונקל, ווײַל דאָס קליינע פֿענצטערל איז געווען פֿאַרהאַנגען. איך בין געזעסן אויפֿן דיל נעבן בעט. איינער האָט גערעדט. דאָס איז געווען חבר נעכעס. איך האָב געהערט די ווערטער: אַרבעטער, חברים, עקספּלואַטאַציע, שטרײַט, רויטע פֿאָן, רעוואָלוציע.

דאָ איז עפּעס געשען. צי דער רעדנער האָט דערציילט די געשיכטע אַז „שׂרה־לאה האָט אַרויסגעלאָזט די הינער פֿון שטײַג און אויסגעשריגן: זאָל לעבן די רעוואָלוציע", צי איך אַליין האָב זיך דערמאָנט דעם זאַץ — פֿאַר מיר איז געשטאַנען די צעקאָכטע ייִדענע מיט צעפּלאָשעטע עופֿות אַרום איר און אין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ שטאַנג, אין דער צווייטער אַ רויטע פֿאָן און געשריגן: זאָל לעבן די רעוואָלוציע!

דאָ דערזע איך אויף אַן אמת ווי פֿון אונטערן בעט, ווו איך זיץ, שפּאַצירט אַרויס אַ גרויסע געלע הון, זי צעשפּרייט די פֿליגל און בלײַבט זיצן לעבן מײַנע פֿיסלעך. נאָך איר שאַרט זיך אַרויס אַ האָן מיט אַ פֿײַערדיקן קאַם. ער הייבט אויף דעם האַלדז, וויל אַ קריי טאָן און טוט נישט. ער קוקט אויף מיר מיט גרויסע געלע אויגן. איך האָב זיך דערשראָקן. אפֿשר זענען זיי פֿון שׂרה־לאהס עופֿות. באַלד וועלן מיר אַרויסגיין אין גאַס מיט רויטע פֿענער; גיין איבערן שאָסיי אין אַ דעמאָנסטראַציע. אַנטקעגן וועלן אָנקו־מען סאָלדאַטן, זיי וועלן שיסן. די מורא וואַקסט אין מיר. איך ריר אָן די הון, אַן אמתע הון. איך פֿיל אירע פֿעדערן. איך פֿיל אַ וואַרעמע הויט. אויך דער האָן איז אַ לעבעדיקער. ער האָט אַוועקגעשפּאַ־צירט איבער אַנדערע פֿיס.

איך האָב זיך אין פּאַניק אויפֿגעהויבן און אַרויס אין גאַס, גערוקט זיך פֿאַרבײַ די הײַזער מע זאָל מיך נישט זען. אין מאַרק האָב איך אָנגעהויבן גיין פּאַמעלעך. דאָ איז דער פּוילישער „פּאָס־טערונעק". דאָ שטייט פּאָליציי. זיי ווייסן אַז עס איז דער ערשטער מאַי; אַז עס קומט פֿאָר אַן אומלעגאַלע פֿאַרזאַמלונג. זיי וועלן קומען און אַלעמען אַרעסטירן.

פֿאַר מײַנע אויגן איז איצט דער גאַנצער מאַרק פֿול געווען מיט עופֿות, נישט נאָר שׂרה־לאהס. אַלע הינער און הענער וואָס איך האָב געקענט פֿון לייענען, פֿון זען, זענען איצט געווען אויפֿן מאַרק, אַרום די קראָמען, אויף די בערגלעך מיסט, אין די קאַלוזשעס, אומעטום הינער, הענער, גענדז מיט רויטע פּיסלעך, מיט געלע שנאָבלען מיט רויטע קאַמען, צעפּלאָשעטע, מיט אויסגעשטרעקטע פֿליגל. דאָ איז געווען די הון פֿונעם ליד „שפּילן מיר אין קעסטע־לער", אַ ליד געזונגען אין קינדער־גאָרטן — אַ ווײַסע הון וואָס זיצט אויף אַ ווײַס גרויס איי; דאָ איז געווען דער האָן פֿונעם זעלבן ליד. ער איז געשטאַנען מיטן גאָרגל פֿאַרבויגן און געוואָלט אַ קריי טאָן. עס זענען אָנגעקומען אַנדערע עופֿות — הינער וואָס האָבן פֿריילעך געפּאַטשט מיט די פֿליגל — מיר זענען פֿרײַ! זאָל לעבן די רעוואָלוציע! עס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן די שטרייקנדיקע עופֿות פֿון שלום־עליכמ׳ס „כּפּרות", הינער, הענער, אַלטע קאַטש־קעס, קליינע הינדעלעך, אויסגעפּאַשעטע גענדז און אינדיקעס. זיי האָבן נישט געשריִען און נישט געליאַרעמט ווי ביַי שלום־עליכמען. זיי זענען שטיל געווען, מאָדנע שטיל. אַ האָן האָט צוויי מאָל צעשפּרייט די פֿליגל, אויסגעשפּרייט דעם האַלדז, געוואָלט אַ קריי טאָן — און נישט געקענט. עטלעכע גענדז זענען אָנגעלאָפֿן, גע־קלאַפּט מיט די ברייטע שנאָבלען, אָבער קיין קלאַנג האָב איך נישט געהערט, פֿאַרוואָס זענען זיי אַזוי שטיל? האָבן זיי מורא פֿאַרן „פּאַסטערונעק"? פֿאַר די פּאָליציאַנטן?

איך בין אַרײַן אין שטוב אַ נאַסער פֿון שווייס. איך האָב זיך געוואָלט דערמאָנען וואָס עס איז געשען. וווּ בין איך געווען? ווי האָט אויסגעזען חבר נעכעס? די הינער און הענער וואָס זענען נישט געווען און איך האָב זיי געזען. האָט זיך פֿאַרענדיקט די אומלעגאַלע פֿאַרזאַמלונג? האָט עמעצער מיך געזען? איך האָב באַשלאָסן, אַז דאָס אַלץ זאָל בלײַבן אַ סוד און עס איז געווען אַ סוד — ביז איצט.

# דער נעכטן גייט אונדז נאָך

אין וואַרשע האָב איך אַ געוויסע צײַט געוווינט אויף קופּיעצ־קע־גאַס. דאָס איז געווען אַ קליין געסל צווישן די נאַלעווקעס און זאַמענהאָף. אין גאַנצן דרײַ הויפֿן רעכטס און דרײַ הויפֿן לינקס. יעדן פֿון אַנדערע געגנטן, די יוסטע, האָבן פֿון דעם געסל נישט געוווּסט. שטענדיק איז דאָ געווען אַ באַוועגונג פֿון מענטשן וואָס האָבן געאײַלט אַהין און צוריק. פֿון זאַמענהאָף האָט זיך דערטראָגן דאָס קלאַפּן פֿון וועגענער איבערן ברוק, די קולות פֿון סטראַגאַנעס און הויפֿזינגער; פֿון די נאַלעווקעס — אַ פֿליסיקער אומרויִקער טומל און דאָס דינע זילבערדיקע קלינגען פֿון טראַמ־ווייען.

אין די אָוונטן איז אין געסל געווען פֿינצטערלעך. עס האָט אויסגעזען ווי אַ געהיימער טונעל צווישן די צוויי באַלויכטענע גאַסן.

איך האָב געוווינט מיט נאָך אַ סטודענט אין אַ קליין צימער אויפֿן פֿערטן שטאָק. פֿון דער וווינונג זענען מיר געווען צופֿרידן. דער באַלעבאָס האָט עס געהאַלטן ריין און ווינטער איז געווען גענוג וואַרעם. ער איז געווען אַ שנײַדער. בײַם אַרײַנקומען זענען מיר פֿאַרבײַגעגאַנגען זײַן „וואַרשטאַט". ער מיט זײַן עלטערן זון און צוויי טעכטער זענען געזעסן געבויגן איבער דער ניי־מאַשין, אָדער מיט נאָדל און פֿאָדעם אין האַנט, איבער אַ גרויסן טיש פֿאַר־לייגט מיט קליידער. „נישט גרינג פֿאַר אַ שנײַדער צו קאָרמענען פֿינעף מײַלער", האָט מיר זײַן זון אַ מאָל געזאָגט. האָט אונדז דער ייִד אָפּגעהיט, געמאַכט שליסלען צו דער טיר, טאָמער קומען מיר שפּעט. ער האָט אַוודאי שטאַרק באַדאַרפֿט האָבן די פֿערציק זלאָ־טעס אַ חודש. וועגן זיך האָט ער געזאָגט, אַז ער איז נישט פֿון די פּראָסטע שנײַדערס. בײַ אים האַלטן זיך שטענדיק אויף סטודענטן, קיין אַנדערע וועט ער צו זיך אין הויז נישט אַרײַנלאָזן.

עס איז געווען אַ וווינונג אין סאַמע מיטן פֿון ייִדישן וואַרשע. מינוטן גאַנג צו דער גענשע מיט די גרויסע סודותדיקע קראָמען פֿאַרלייגט מיט קנוילן מאַנופֿאַקטור; צו דער ענגער ליבטיקער קאַרמעליצקע, ווו פֿון די פֿענצטער האָבן אַרויסגעשײַנט קראַוואַטן, העמדער, ווײַבערשע אָנטועכצן; צו דער גראַמער לעש, וואָס האָט אויפֿגעעפֿנט אַ הויכן ליכטיקן הימל; צום קראַשינסקי־גאָרטן, ווו עס האָבן אין די פֿאַרנאַכטן געבושעוועט פּוילישע כוליגאַנישע סטודענטן.

*

וואָס עפּעס פּלוצעם דאָס וואַרשעווער קופּיעצקע געסל פֿון פֿופֿציק יאָר צוריק? איך בין אָנגעקומען קיין תּל־אָבֿיבֿ מיט דער באַן פֿון חיפֿה און זוך אַרום דעם באָס, וואָס וועט מיך ברענגען קיין גבֿעתיים. איך שטיי און וויל זען אַ פּנים וואָס זאָל מיר זאָגן, אַז איך קען רעדן יידיש. גייען מענטשן פֿאַרבײַ פֿון לינקס, פֿון רעכטס; זיי יאָגן זיך; עס איז זעקס פֿאַרנאַכט און זיי אײַלן זיך אַהיים, צום אָוונטברויט. ווי־זשע שטעלט מען אַזעלכע אָפּ? דערצו זענען די פּנימער ערנסט, פֿאַריאָגט, אומגעדולדיק, קיין איינס איז נישט היימיש.

איך נעם אַליין זיך אָן מיט געדולד, באַטראַכט די הײַזער, די באָסעס וואָס פֿאָרן פֿאַרבײַ. אפֿשר וועל איך דערזען מײַנעם? פֿון דער ווײַטן זע איך אַ מאַן, ער גייט אין מײַן ריכטונג פֿון דער צווייטער זײַט פּלאַץ וואָס טיילט אונדז אָפּ. אויך ער גייט גיך. דאָס העמד צעעפֿנט, דאָס פּנים אָפּגעברענט, ברויז, פֿון די פּנימער וואָס איך פֿלעג זען פֿאַר דער מלחמה אין פּוילן. גיב איך אַ טראַכט מיט מענדעלעס לשון: דער איז פֿון מײַנע פּאַרשוינען. זיכער בין איך נישט. ווען ער קומט נאָענט צו מיר נעם איך זיך אָן מיט קוראַזש:

— קענט איר מיר ווײַזן ווו דער באָס 31 איז?

ער שטעלט זיך ראַפּטום אָפּ; באַקוקט מיך:

— קומט מיט מיר.

ער אײַלט זיך און קוקט אויף מיר פֿון דער זײַט.

— פֿון וואַנען?

— ניו־יאָרק.

— אָ, געלאָפֿן נאָך גאָלד! אַ סך האָט איר אָנגעקליבן?

— אַ פֿולן פּלעצאַק.

— איר זענט אַ פּוילישער! פֿון וואָסער שטאָט?

— פֿאַר דער מלחמה געלעבט אין וואַרשע.

— וואַרשע? ווו האָט איר געווױנט?

— אויף אָגראָדאָווע, קופּיעצקע...

— קופּיעצקע? וועלכער נומער?

— זעקס.

— זעקס! איך האָב געווױנט אויף קופּיעצקע זעקס!

מיר בלײַבן ביידע שטיין און קוקן זיך פֿאַרוווּנדערט אָן. ער ווײַזט מיר מיט דער האַנט:

— אָט דאָרט וועט באַלד אָנקומען אײַער באָס. שלום, שכן!

✶

דער נעכטן גייט אונדז נאָך אין ישׂראל און אין אַמעריקע, אין חלום און אויף דער וואָר; אין ליד און אין דערציילונג. כּמעט אין יעדן אַרטיקל און אין יעדער רעדע לכּבוד דעם 90טן געבוירנטאָג פֿון דיכטער י. פּאַפּיערניקאָוו איז דערמאָנט געוואָרן זײַן ליד „זאָל זײַן". דאָס ליד איז געזונגען געוואָרן פֿון דער ייִדישער יוגנט אין די פּוילישע שטעטלעך אין די צוואַנציקער און דרײַסיקער יאָרן. ס'איז געזונגען געוואָרן פֿון די אינטעליגענטע און טראַכטנדיקע. עס איז אַ פּעסימיסטיש ליד; אָבער יוגנטלעכע האָבן דאָס געזונגען מיט אַ פֿריילעכן אָפּטימיסטישן ברען, ווי עס טוען יונגע מענטשן ווען זיי ווילן פֿאַרטרײַבן דעם טרויער. דאָס ליד איז זיי געווען נאָענט און זיי האָבן אויך געוווּסט דעם נאָמען פֿונעם מחבר פּאַ־פּיערניקאָוו, פּונקט ווי זיי האָבן געוווּסט די נעמען פֿון אַלע אַנדע־רע, וועמענס לידער זיי האָבן געזונגען: אברהם רייזען, שמעון פֿרוג, משה קולבאַק, יהואָש, נאָמבערג.

די געשיכטע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור דערציילט אונדז:

אין יענע יאָרן, צווישן ביידע וועלט־מלחמות, איז די ייִדישע ליטע־ראַטור געווען אין סאַמע בלי. זי האָט, ווי אַלע אַנדערער ליטע־ראַטורן, געחלומט פֿון דער ישועה וואָס וועט סוף־כּל־סוף קומען. די יוגנט איז אַרומגעגאַנגען מיט חלומות פֿון אַ „שיינער וועלט״, פֿון אַ „באַפֿרייַטער מענטשהייט״, פֿון אַן „אייגענער היים״. וועגן אָט־די חלומות האָט דערציילט פּאַפּיערניקאָווס ליד; דערציילט וועגן דעם אויסגעחלומטן און וועגן ספֿקות. האָט דאָס די ייִדישע יוגנט אויפֿגעכאַפּט און מיטגעזונגען מיטן דיכטער.

דאָס ערשטע מאָל האָב איך געהערט זינגען דאָס ליד אַ תּלמי־דה פֿון אונדזער ייִדישער עלעמענטאַר שול. זי איז געווען עלטער פֿון מיר. איך האָב דערנאָך לאַנג געטראַכט פֿון „שלעסער אין דער לופֿט״ און פֿונעם סודותדיקן קאָליר, וואָס איז „בלויער פֿון בלוי״. שפּעטער האָב איך עס געהערט זינגען עלטערע ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס האָבן נישט געזען פֿאַר זיך קיין צוקונפֿט אינעם קליינעם שטעטל. האָבן זיי געחלומט פֿון דער „גרויסער, ווײַטער וועלט״. זייער געזאַנג איז געווען מונטערער און מיט אַ צו־להכעיס־דיקער יום־טובדיקייט.

הײַנט, ווען מיר הערן זינגען אָדער דעקלאַמירן דאָס ליד, הערן מיר דאָס קול פֿונעם נעכטן; פֿאַרנעמען מיר דעם ציטער אין געמיט פֿון דער דעמאָלטיקער וועלטלעכער ייִדישער יוגנט; וואָס האָט געלעבט מיט האָפֿענונגען און ספֿקות, מיט דערגרייכונגען און דורכפֿאַלן.

אינעם יזכּור־בוך פֿונעם וואָלינער שטעטל ראַטנע, אַרויסגעגעבן אין בוענאָס־איירעס (רעדאַקטאָרן: יעקב באַטאָשאַנסקי און יצחק יאַנאָסאָוויטש) אין יאָר 1954, שרײַבט איינער אין זײַנע זכרו־נות פֿון די פֿריִע יוגנט־יאָרן:

„עס געדענקען זיך די ליכטיקע זומער־נעכט אויפֿן ראַטנער שאָסיי. פֿון שטעטל זעען זיך נאָר די גלאַנציקע דעכער און די לאַמטערנעס. אויפֿן וועג לאָזן זיך אַרויס לאַנגע שורות יונגוואַרג. מען זינגט, מען לאַכט. אין ווײַסן ליכט פֿון דער לבנה זענען די

ווײַסע מיידלשע בלוזקעס נאָך ווײַסער. איין גרופּע זינגט „מדוע העולם הפוך כּל כּך", די צווייטע — „זאָל זײַן אַז איך בוי אין דער לופט מײַנע שלעסער". אין די לידער איז טרויער און פּרעטענזיע".

✶

פֿון דעם באַשריבענעם בין איך געווען אַן עדות. מה שעבר עבר, וואָס געווען איז געווען, דאָך לאָזט ער זיך נישט פֿאַרגעסן, דער נעכטן. ער גייט אונדז נאָך.

דאָ נישט לאַנג צוריק, האָב איך געלייענט שמואל איזבאַנס זכרונות וועגן שלום אַש. איזבאַן דערציילט, אַז שלום אַש האָט עטלעכע יאָר געוווינט אין וולאָצלאַוועק. איך בין קיינמאָל אין וולאָצלאַוועק נישט געווען און נישט געטראַכט פֿון דער שטאָט. איצט האָט דאָס דערמאָנען זי געעפֿנט אַ פֿענצטערל צו מײַנע קינדער־יאָרן. אפֿשר בלויז אַ שײַבעלע אינעם פֿענצטערל. איך האָב געהאַט אַ לערערין, וואָס האָט געשטאַמט פֿון וולאָצלאַוועק. איר נאָמען איז געווען ליובראַניעצקי. אַן עלף־יאָריק יינגל פֿון דער פּוילישער פּראָווינץ, פֿון „די קרעסן", האָט בלויז אין זײַן פֿאַנטאַזיע געקענט זען אַזאַ לערערין: שלאַנק, בלאָנד, מיט אַ ליכטיק פּנים און שמייכלענדיקע אויגן און מיט אַ קלינגענדיקן זאַפּטיקן פּויליש, וואָס אין מײַן שטעטל האָט מען נישט געהערט צווישן ייִדן. זייער יונג נאָך האָט זי אַרומגעשוועבט איבערן קלאַסצימער אין איר ווײַסער בלוזקע און צעפּאָכעטן קליידל, און מיר, די תּלמידים, האָבן זי מער געזען ווי געהערט. צווישן די עלטערע לערער־מענער, איז זי בײַ אונדז געווען די יונגע לערערין, אַ מין יום־טוב אין מיטן דער וואָך. אָט דאָס לעבעדיקע, טאַנצנדיקע, פֿריילעכע ייִדיש מיידל האָט מיט אונדז געלערנט, געדענק איך, סלאָוואַצקיס „סמוטנאָ מי באָזשע" (ס'איז מיר אומעטיק, גאָט!) און געוואָלט האָט זי, אַז מיר זאָלן די פּאָעמע נישט שיין בלויז לייענען, נאָר אויך לערנען אויף אויסנווייניק. איך דערמאָן זיך נישט צי איר ליכטיק פּנימל האָט בײַם לערנען טאַקע איבערגעגעבן דעם טרויער פֿונעם ליד, אָבער פֿראַגמענטן פֿון דעם געדענק איך ביז הײַנט.

מיר האָבן וויניק אין דער ייִדישער ליטעראַטור וועגן דער עפּאָפּייע פֿונעם ייִדישן לערער; וועגן זײַנע שווערקייטן, אידעאַ־ליזם, חלומות, דערגרייכונגען; וויניק וועגן זײַן פּערזענלעכן לעבן. וועגן דעם וולאָצלאַוועקער יונגן מיידל ליובראַניעצקי איז פֿאַר־צייכנט אין יזכור־בוך „די אומגעקומענע לערער פֿון צישא־שולן אין פּוילן״:

„עטקע ליובראַניעצקי איז געווען אַ געבוירענע פֿון וולאָצלאַ־וועק, בײַ דער ווײַסל. אַ טאָכטער פֿון אַ טאַטן אַ שוסטער. זי האָט געענדיקט אַ פּוילישע גימנאַזיע, דורכגעמאַכט אַ פּעדאַגאָגישן קורס און זיך געווענדעט צו דער „צישא״ נאָך אַרבעט. זי האָט געלערנט פּויליש און פּוילישע געשיכטע, אָבער נישט געווען קיין פֿרעמדע „פּוילישע לערערין״, נאָר אַן אייגענער גליד פֿונעם לערער־קאָ־לעקטיוו. די קינדער האָבן זיך געקלעפּט צו איר... אויף וויפֿל די שול האָט זיך אין איר אַרבעט גענויטיקט אַחוץ די לעקציעס, איז זי גרייט געווען אַוועקצוגעבן איר גאַנצע צײַט. דאָס אויסצאָלן די לערער דעם לוין איז געווען קריטיש — האָט עטקע קיין טענות נישט געהאַט. ווען איין מאָל האָט איר די נויט שוין גאָר שטאַרק צוגעדריקט, האָט זי זיך וועגן דעם פֿאַרטרויט דעם פֿאַרוואַלטער און — ווי אַ קינד זיך פֿונאַנדערגעוויינט״.

דאָס וולאָצלאַוועקער ייִדישע מיידל ליובראַניעצקי, איז איינע פֿון די טויזנטער ייִדישע (און העברעיִשע) לערערס וואָס זייער לעבן וועט בלײַבן אומבאַקאַנט סײַ דער געשיכטע, סײַ דער ליטע־ראַטור.

זאָל איר נאָמען דערמאָנט ווערן.

## נאָסטאַלגיע אין לידער פֿון דריי פּאָעטן

נ. סטוטשקאָוו האָט אין זיין „אוצר פֿון דער יידישער שפּראַך" אַריינגענומען דעם סובסטאַנטיוו נאָסטאַלגיע אין דער סביבה פֿון די ווערטער בענקעניש, פֿאַרלאַנג, ווּנטש, באַגער, חשק, בענקשאַפֿט, היים־בענקעניש, לעכצונג, הונגער, אויך היים־ווייי (מיט אַ באַוואָרעניש) און אַנדערע. מען קען די אַלע שאַטירונגען, אָדער מיינען, געפֿינען אין דער פּאָעזיע.

דער גרויסער יידישער ישוב אין אַמעריקע האָט נישט קיין אייגןגעבוירענעם פּאָעט, וואָס האָט געשריבן, אָדער שרייבט, אין יידיש. די פּאָעטעסעס וואָס זענען דאָ געבוירן (כייקע אייבעלסאָן, ר. ז. ליליען) זענען באַלד פֿאַרשוווּנדן. די יידישע פּאָעזיע אין אַמעריקע איז געשאַפֿן געוואָרן פֿון אימיגראַנטן. זיי זענען געקומען מיט אַן אימיגראַנטיש געמיט און מיט סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אידעאַלן. די אידעאַלן קען מען געפֿינען אין דער טעמאַטיק, דאָס געמיט און דעם ליריזם פֿון זייערע לידער.

די געקומענע האָבן געלעבט אין צוויי וועלטן, אָדער היימען: די אַלטע היים, וווּהין זיי האָבן געבענקט; די נייע — וואָס האָט זיי געשראָקן. אין אַ ליד, געשריבן אין ניו־יאָרק, אין יאָר 1897 דערציילט אונדז דער דיכטער **אברהם ליעסין** וועגן דעם פּאָעטאימיגראַנט, וואָס איז אין קלעם פֿון ביידע וועלטן. ער האָט טענות צו ביידע. כאָטש אינעם ליד איז נישט פֿאַראַן דער עמאָציאָנעלער עלעמענט פֿון בענקשאַפֿט, מעדיטירט ער וועגן דעם: „און מיין האַרץ האָב איך דאָך איר געלאָזן" — דער אַלטער היים.

### די אַלטע היים

איך האָב פֿריילעך געשענקט איר מיין יוגנט,
די חלומות די שענסטע, די בעסטע;

איך האָב הייליק געשוואָרן איר טרייהייט,
די קרבנות די שווערסטע, די גרעסטע.

און ניט ליב איז געווען איר מיַין ליבשאַפֿט,
און זי האָט מיך צו וואָגלען געצוווּנגען,
און מיַין האַרץ האָב איך דאָך איר געלאָזן,
און אין האַרצן — דעם חלום דעם יונגן.

און איך בלאָנדזשע אַרום, ווי אַ פֿרעמדער,
אָן אַ ציל אויף דער וועלט, אָן אַ שטרעבן,
און איך האָב ניט פֿאַר וועמען צו שטאַרבן,
און איך האָב ניט פֿאַר וועמען צו לעבן.

דאָס ליד איז טרויעריק פּעסימיסטיש. עס רעדט צום לייענער מיט דער איבערציַיגנדיקער, דעמאָלטיקער שפּראַך פֿון „טריַיהייט און קרבנות", פֿון „לעבן און טויט". מיר פֿאַרשטייען דאָס געמיט פֿון דיכטער, אַז ער קען זיַין אַלטע היים ניט פֿאַרגעסן. מיט צענדליקער יאָרן שפּעטער, אין 1932, שריַיבט א. ליעסין, אַן אַנדער אויפֿריכטיק פּאַטעטיש ליד, אַ סך קלאָרער:

**היים מיַין, דו גרויסע געפֿענגעניש**

...לאַנד מיַין, אָ, גרויסע געפֿענגעניש!
ווייס איך דיַין וויסטקייט און וויי!
ציט מיך צו דיר דאָך אין בענקעניש
צענדליקער יאָרן אַזוי.

דאָס ליד איז גענומען פֿונעם בוך „לידער און פּאָעמען", באַנד צוויי, זיַיט 214, אַרויסגעגעבן פֿון „פֿאַרווערטס אַסאָסיאיישאָן", ניו־יאָרק, 1938, און טראָגט דעם נאָמען „היים מיַין, דו גרויסע געפֿענגעניש". פֿאַרוואָס די ערשטע שורה פֿון דער ציטירטער צוויי־

טער סטראָפֿע איז אַנדערש, ווערט נישט קלאָר. אויך וויַיטער רעדט ער וועגן „היים" און נישט „לאַנד". ער רעדט אַפֿילו וועגן צוריק־קומען. „קומען אַ זון אַ דערוויַיטערטער, ווידער צום היימישן ליים".

אויך אַנדערע האָבן געשריבן וועגן דעם ווילן, באַגער, לעב־צונג, הונגער (די נאָענטע שכנים פֿון „בענקעניש", ווי עס זאָגט נ. סטוטשקאָוו). אַ שטייגער, מיכל קאַפּלאַנס „צוריק אַהיים", אַ לאַנג דעקלאַמאַטאָריש בדחניש ליד מיטן באַקאַנטן „אַהיים וועל איך פֿאָרן קיין וולעדניק".

גאָר אַנדערש זענען די לידער פֿון מאַני לייב און יעקב אַדלער. נאָסטאַלגיע־בענקשאַפֿט רופֿט אַרויס די שענסטע און איידלסטע געפֿילן בייַם מענטש. ליבשאַפֿט, צאַרטקייט, נאָענטקייט, טרייַשאַפֿט, וואַרעמקייט; בענקשאַפֿט דערמאָנט היימישע פּנימער, אויגן, באַ־וועגונגען, לאַנדשאַפֿטן, קאָלירן; בענקשאַפֿט דערמאָנט איבערלע־בונגען, פֿרייד און טרויער, אינטימקייט. זי מאַכט דאָס ליד שענער, לירישער. זי ברענגט צוריק די שייַן פֿון אַ וואַרעמער זון, דאָס היימישע פּלאַפּלען פֿון רעגן, די ליכטיקייט פֿון אַ שניי, וואָס האָט אַמאָל דערפֿרייט.

אין מייַנע יונגע יאָרן געדענק איך האָט מען אָפּגעלאַכט פֿון אַזאַ „סענטימענטאַליזם", געוואָלט פֿון אים פּטור ווערן; נישט פֿאַר־שטאַנען, אַז עפּעס שיינס וועט גיין פֿאַרלוירן. ווי אַ ביישפּיל פֿון אמתער טיפֿער בענקעניש וועלן מיר נעמען איינס פֿון מאַני לייבס ערשטע לידער „בייַם פֿענצטער". די לעצטע שורות:

וויַ ווײַנט זיך דאָס אַ גרויסער מענטש אין מיטן נאַכט אַזוי,<br>ווען אויף די שטומע גאַסן שפּרייט זיך אויס אַ שניי?<br>כ'וועל אָנצינדן אַ לאָמפּ... אויף יענער זייַט פֿון אָקעאַן,<br>אויף יענער זייַט, איז דאָרט אַ לאַנד אַזאַ פֿאַראַן,<br>און שניי איז דאָרט, און שניי איז דאָרט...

ווי אַ סך לידער פֿון מאַני לייב, איז דאָס ליד נישט דערזאָגט.

דער דיכטער נעמט אונדז אַרײַן אין זײַן טרויעריקער שטימונג און לאָזט אונדז אַליין. מיר זענען אינעם לאַנד פֿון שנײ, וואָס איז די אַלטע היים. זײַן בענקשאַפֿט האָט אונדז געבראַכט אַהין. די באַקאַנטע לאַנדשאַפֿט מאַכט גרינגער דאָס געמיט. דאָס איז ס׳נישט־דערזאָגטע פֿונעם ליד. דאָס וואָס דער דיכטער האָט געוואָלט דערגרייכן.

נאָסטאַלגיע האָט געבראַכט מאַני לייבן אָנצושרײַבן זײַנע צוויי גרויסע און שיינע פּאָעמעס פֿאַר קינדער „ייִנגל צינגל כוואַט״ און „בלימעלעך קרענצעלעך״. אויך לידער וועגן זײַן שטעטל ניעזשין, וועגן דעם רוסישן פּאָעט יעסענין. מיט ווייטיק שרײַבט ער וועגן חורבן:

...זיי זײַנען דאָרט, אַ גאָט, געווען אַ סך, אַ סך,
אַזעלכע לעבעדיקע און אַזעלכע בראַווע,
אַזעלכע שטאַלטגע, בערדיקע און קוטשעראַווע,
און מיט אַ וווּנדערלעכער אויסטערלישער שפּראַך.

דאָ יאָמערט די בענקשאַפֿט, ווײַל ס׳איז פֿאַרלוירן געגאַנגען נישט בלויז אַ לאַנדשאַפֿט, נאָר אַ לעבעדיק פֿאָלק. דאָס איידעלע געפֿיל פֿון דיכטער גייט אַריבער אין אַ צאָרן: „און סאַראַ מערדערײַ איז דאָרט געווען!״ (פֿון סאָנעט „זיי״).

איך ווייס נישט וויאַזוי מען האָט בשעתו, ווען דאָס ליד איז אָפּגעדרוקט געוואָרן, רעאַגירט. איך האָב אים זינען י. אַדלערס „זילבער־וואָלקן, פּערל־וואָלקן״. עס איז איינס פֿון די שענסטע און געראָטנסטע בענקשאַפֿט־לידער אין דער ייִדישער פּאָעזיע.

אויסער דעם ליריזם אינעם ליד האָט מען אין יענער צײַט געדאַרפֿט באַוווּנדערן אויך די געלונגענע פֿאָרם פֿון אַזוי־גערופֿענעם „ווײַסן פֿערז״ וואָס אין די יאָרן פֿון שפּעטערדיקן אימזיכיזם האָט מען אים געהאַלטן פֿאַר אַ גוואַלדאָוונער דערגרייכונג; און נישט נאָר דאָס פֿעלן פֿון גראַמען, נאָר אויך די קורצע איין־און־צוויי־ווערטערדיקע שורות. זייער מעלאָדישקייט און האַרציקייט.

אויך איצטער דאַרפֿן מיר דאָס באַוווּנדערן. איך האָב נישט געהערט דאָס ליד קיינמאָל זינגען, דעקלאַמירן, רעציטירן. עס איז אַ ליד אויף אינטים לייענען פֿאַר זיך, צו זיך, בײַ זיך. בעסער געזאָגט: נישט לייענען דאַרף מען די שורות, נאָר שפּעטשען זיי. שוין דער אָנהייב איז שטיל־אָטעמדיק מיט אַ זילבערנעם פּערלדיקן אָפּשיין פֿון ליבשאַפֿט:

...זילבער־וואָלקן,
פּערל־וואָלקן,
נישט געאײַלט זיך,
נישט געלאָפֿן.
שטעל זיך אָפּ
נאָר אויף אַ רגע...

מיט שטילע ווערטער, אויסגעוואַרעמט פֿון לאַנגיאָריקן בענקען, בעט דער דיכטער דעם וואָלקן ער זאָל אים ברענגען אַהיים, וואָס איז געאָגראַפֿיש זייער ווײַט און דאָך אַזוי נאָענט. ער גיסט אויס פֿאַר אים דאָס האַרץ פֿון אַן איבערגעגעבענעם זון:

...ווי מיר בענקט זיך
נאָך דעם שטילן
קליינעם שטעטל,
ווו מײַן וויגל
איז געשטאַנען
ווען זי האָט מיך
אײַנגעשלעפֿערט
מיט אַ זיסן
קינדער־לידל.

ווי דעם דיכטער האָט אַמאָל פֿאַרוויגט די מאַמע, פֿאַרוויגט

אונדז דאָס ליד מיטן זיסן ניגון פֿון בלויע הימלען, דרימלענדיקע בערג און גרויע שינדל־דעכער. מיר לייענען דאָס ליד ווי זיין מאַמע האָט מיט אַ דערקוויקט האַרץ געלייענט די תּחינה.

לידער פֿון נאָסטאַלגיע געפֿינען מיר ביי אַלע ייִדישע פּאָעטן. ה. לייוויק האָט נישט פֿאַרגעסן איהומען; יוסף ראָלניק — זשוכאָ־וויץ; מ. ל. האַלפּערן — זלאָטשעוו; בעריש וויינשטיין — ריישע. נישט פֿאַרגעסן אַפֿילו ווען זיי האָבן זיך שוין אַקלימאַטיזירט און געזונגען לידער צו דער נייער היים אין אַמעריקע.

די דערמאָנטע „אַלטע היים" איז שוין לאַנג נישטאָ. מע וועט זי אָבער קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן. נאָכן חורבן האָבן ייִדישע פּאָעטן ווידער זי באַזונגען — מיט בענקשאַפֿט און עגמת־נפֿש, מיט טרויער און טרייסט, מיט צער און צאָרן. פֿון זייערע לידער, געשריבן אין מאַני לייבס „וווּנדערלעכער שפּראַך", שיינט זי ווידער אַרויס מיט אַ וווּנדערלעכער וואַרעמער שיין.

## לייוויק און דער עפּלבוים

### (צום דרײַסיקסטן יאָרצײַט)

דעם דריטן דעצעמבער פֿאַלט אויס דער דרײַסיקסטער יאָרצײַט פֿון ה. לייוויק, באַקאַנט ווי דער גרעסטער ייִדישער פּאָעט פֿון אונדזערע טעג.

געבוירן אין ווײַסרוסישן ייִדישן שטעטל איהומען, האָט ער, נאָך ווי אַ ייִנגל, אַ סך געהערט און געלייענט פֿון דער גאולה פֿאַר דער מענטשהייט וואָס עס דאַרף ברענגען די רעוואָלוציע, געאַנט און געוואַרט מיט אומגעדולד עס זאָל געשען דאָס וווּנדערלעכע: דער מענטש זאָל ווערן בעסער, די וועלט שענער, דאָס לעבן פֿרײַער, עס זאָל פֿאַרשווינדן פּײַן און לייד; ווי אַ יוגנטלעכער האָט ער זיך פֿאַרנומען מיט אומלעגאַלער בונדישער אַרבעט און פֿאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר.

אין סיביר האָט ער געזען מענטשן אין קייטן, בייזע אויגן פֿון וועכטער, בלוט אויפֿן שניי. זײַן בענקשאַפֿט צו גאולה איז געוואָרן נאָך שטאַרקער. ער קומט צום „אייגענעם ווײַנגאָרטן" — צו דעם אַלטן ייִדישן פֿילאָזאָפֿישן געדאַנק וועגן משיחן. ער שאַפֿט זײַנע באַרימטע דראַמאַטישע ווערק: „דער גולם" און די „גאולה־קאָ־מעדיע". אויך דראַמעס פֿון אַ סאָציאַלן כאַראַקטער, ווי „שמאַ־טעס" און אַנדערע.

דאָס שענסטע וואָס לייוויק האָט אַרײַנגעבראַכט אין דער ייִדישער ליטעראַטור זענען זײַנע לידער וואָס האָבן די ייִדישע פּאָעזיע אויפֿגעהויבן קינסטלעריש צו די העכסטע הייכן. לידער לירישע, געדאַנקלעכע, בילדערישע; לידער מיט דראַמאַטישער שפּאַנונג; לידער וועגן שטאַרבנדיקן נתן ניומאַן און פֿון מיליאָנען אויסגעבראַכטע אין טרעבלינקע; לידער וואָס דערצײַלן פֿון דער שרעק פֿון האָז און קראָליקל, פֿון דער פֿרייד און טרויער פֿון אַ

בוים, אַ בלאַט, אַ גרעזל. נאָך פֿאַר דער מלחמה האָט ער אַ ליד פֿון אַן עפּלבוים:

פֿון אַלע פֿריידן וואָס זענען דאָ
איז די טיפֿסטע — זינקען געלאָדן
אין טיפֿער נאַכט, אין פֿאַרטאָגיקער שעה,
מיט אַ צווײַג אָנרירן דעם באָדן.

(„לידער פֿון גן־עדן", 1937, שיקאַגאָ)

אין יאָר 1955 איז אין פֿאַרלאַג „קיום", אין בוענאָס־איירעס, אַרויס פֿון דרוק ה. לייוויקס בוך „אַ בלאַט אויף אַן עפּלבוים". אַ בוך מיט הונדערטער לידער פֿון אַ פֿאַרשיידנאַרטיקער טעמאַטיק. די לידער, ווי עס זאָגט דער מחבר אין זײַן קורצער הקדמה, האָט ער געשריבן אין משך פֿון די יאָרן צווישן 1946 און 1954, גלײַך נאָכן חורבן, געשטאָרבן איז ה. לייוויק אין 1962. עס איז זײַן לעצט בוך לידער.

די געציילטע פֿיר לידער וועגן אַן עפּלבוים געפֿינען זיך אין דער דריטער אָפּטיילונג וואָס טראָגט אויך דעם נאָמען „אַ בלאַט אויף אַן עפּלבוים". אין איר גייען אַרײַן העכער זיבן צענדליק לידער. פֿאַרוואָס האָט דער עפּלבוים זוכה געווען דעם כּבוד דער דיכטער זאָל מיט זײַן נאָמען אָנרופֿן דאָס גאַנצע בוך? זאָגט לייוויק אין זײַן הקדמה:

**„פֿון אַלע בײַמער אַרום מײַן קינדערהייט איז מיר צום ליבסטן געווען אַן אַלטער עפּלבוים. קומט ער מיר אָפּט צו חלום לעצטנס, אַן אַנגעטוענער אין עפּל און אין בלעטער, און איך הער ווי ער זאָגט צו יעדן עפּל זײַנעם און צו יעדן בלאַט זײַנעם: האָט ניט מוראָ וואָס איר דאַרפֿט סוף זומער אַרונטערפֿאַלן, איבעראַיאָר וועט איר צוריקקומען.**

**ס'איז גוט צו הערן אַזוינס — אַפֿילו ווען אין חלום".**

אינעם טראַכטן פֿון יעדן ייִדישן שרײַבער, פֿון יעדן ייִדי־
שן מענטשן, האָט אין יענע יאָרן נאָכן שרעקלעכן חורבן דאָמי־
נירט דאָס אומגעבראַכטע ייִדישע שטעטל, דאָס אומגעבראַכטע
ייִדישע לעבן. לײַוויק האָט געשריבן אַ סך לידער פֿון ליבשאַפֿט
און בענקשאַפֿט נאָך זײַן היים אין איהומען, אין ווײַסרוסלאַנד. ער
דערמאָנט מיט ציטער זײַן טאַטן, דעם לערער, זײַן מאַמען, די
בעקערין, אַ שוועסטער וואָס איז יונג געשטאָרבן, דאָס שטיבל ווו
זיי האָבן געוווינט, דעם עפּלבוים:

...פֿון יאָרן פֿאַרגאַנגענע דער אַראָמאַט
האָט הײַנט אַרומגענומען מיך מיט זיסע שטראָמען.

דאָס ערשטע ליד פֿון די פֿיר לידער וועגן אַלטן עפּלבוים
טראָגט דעם נאָמען: „אין דעם לאַנד פֿון אַלטן עפּלבוים”. עס
מיינט, אַז מיר זענען אויף אַ גרויסן שטח און עס קאָנען פֿאָרקומען
וויכטיקע געשעענישן. וועגן בוים אַליין זאָגט אונדז דער דיכטער
בלויז, אַז „ער איז אײַנגעהילט אין אָוונט־שלייער”. אָבער דאָס
געשעעניש קומט פֿאָר אויף זײַן טעריטאָריע: דרײַ „קליינע גייער”
לייגן זיך שלאָפֿן אין שאָטן פֿון בוים מיט דער זיכערקייט אַז זיי
„זענען שוין אַהיים־געקומען” און שלאָפֿן אײַן „אין ליכט פֿון גאָטס
גענאָד”. גייערס, בעטלערס, וואַנדראָווניקעס זענען אַן אינטעגראַ־
לער טייל פֿון דער לאַנדשאַפֿט אין ייִדישן ליד. מיר טרעפֿן זיי אין
די לידער פֿון י. י. סיגאַל, מאַני לייב, מאַנגער, שטיקער. זיי זענען
דאָ אין אַלגעמיינעם און אין חסידישן ייִדישן פֿאָלקלאָר, בײַם
בראַצלאַווער, (ר׳ לייב שרה׳ס איז געווען אַ גייער וואָס האָט געהאַט
קפֿיצת־הדרך). אין דער פֿאָלקישער פֿאַנטאַזיע קאָנען דאָס זײַן
צדיקים, ל״ו־וואָווניקעס, אליהו הנביא, סתּם ערלעכע ייִדן וואָס
ברענגען מיט זיך גוטע בשורות. זיי זענען פֿול מיט סוד. פֿון מײַנע
אייגענע קינדער־יאָרן געדענק אין אַ מעשׂה מיט אַזאַ גייער. די
מעשׂה פֿלעגט דערציילן מײַן ברודער ברוך:

עס איז געווען די וואָך ערב דעם רבינס יאָרצײַט. טוויזנטער

חסידים פֿון גאַנץ פּוילן זענען אָנגעקומען אין שטעטל, מיט זיי אויך צענדליקער בעטלערס. איינער פֿון זיי איז צו מיר צוגעקומען אויפֿן שאָסיי, ווו עס זענען געווען אויסגעשטעלט טישלעך און יִידן האָבן געשריבן „קוויטלער", אַ בעטלער צו אַ גייער:

— אין שטעטל זאָגט מען, אַז איר שרײַבט לידער. איך שרײַב אויך לידער.

ער האָט אַרויסגענומען פֿון אַ קעשענע אין דער לאַנגער קאַ־פּאָטע עטלעכע בייגעלעך פּאַפּיר און מיר דערלאַנגט. ער האָט די לידער געלייענט עטלעכע מאָל. צוויי סטראָפֿן זײַנען מיר גאָר געפֿעלן. אמתע פּאָעזיע.

אויף מײַנע פֿראַגן ווער ער איז פֿון וואַנען ער קומט, האָט ער נישט געענטפֿערט.

דאָס ליד פֿון די גייערס באַשטייט פֿון עלף סטראָפֿן. אויסער די ניסימדיקע און סודותדיקע עלעמענטן פֿון אַ באַלאַדע, האָט עס אין זיך אויך דראַמע. לייוויק דערציילט אונדז אין די לעצטע פֿיר סטראָפֿן ווי די גייערס ווערן אויפֿגענומען פֿון די פֿאַרבײַגייערס. איינער „טוט עפּעס אַנען", אַ צווייטער גייט פֿאַרבײַ און „זשאַלע־וועט אַ ווײַל", אַ דריטער „טרעט אויף זיי" מיט „נעגל־פּיס".

און די דריי — זיי ליגן שטיל,
אײַנגעהילט אין מאָרגן־שלייער,
אָנגעקומענע צום ציל
ווי עס פּאַסט פֿאַר קלוגע גייער.

זאָל לייוויק האָבן געלערנט מיט אונדז, אַז גוטע ערלעכע קלו־גע מענטשן ווערן פֿון דער געזעלשאַפֿט נישט פֿאַרשטאַנען, איגנאָ־רירט און אַפֿילו טעראָריזירט?

די קומענדיקע צוויי לידער „אונטערן אַלטן עפּלבוים" און „ליד צום עפּלבוים" האָבן שוין צו טאָן דירעקט מיטן בוים און — מיטן דיכטער.ביידע לידער פֿול מיט לירישן טראַגיזם. אין ערשטן ליד

קומט דער דיכטער צום עפּלבוים „מיט בענקשאַפֿט און מיט גרויס פֿאַרטרוי״; ער וויל פֿונעם בוים דערהערן „זײַן וווּנדער־וואָרט, זײַן קלאָרן״, אָבער דער בוים שווײַגט. דער דיכטער וואָרט אומזיסט מיט אַ צעבראָכן האַרץ.

„אַ שולדיקער נאָך מער, ווען ס׳הייבט מיר אָן צו ווערן קלאָר
אַז עפּעס האָט צעריסן זיך אין מיר און כ׳האָב פֿאַרלאָרן די
זכיה צו זײַן גלייך צום בוים, צו זײַן מיט אים אַ פּאָר, און
כ׳וועל נישט הערן מער זײַן וווּנדער־וואָרט פֿון פֿאַראַיאָרן.״

אין צווייטן ליד צום עפּלבוים קומט שוין נישט דער דיכטער בכלל צום בוים, וואָס „שטייט אַ צעחושטער בײַם גראָזיקן פֿעלד״. כאָטש דער בוים בענקט נאָך אים און וויל אים זען. פֿאַרוואָס קומט נישט דער דיכטער צום בוים?

„ס׳איז לאַנג אין דער מאָדע — אין טאָן פֿון פּאָעטישן שבת,
אַז נוסח פֿון מוזעס זאָל ווערן פֿון לידער פֿאַרטריבן.״

אָבער, ער, לייוויק, איז נישט מסכּים מיט אַזאַ צוגאַנג צו געלאָדן.
פֿאַרוואָס אויסגעקליבן פֿאַר מוזע דעם עפּלבוים גראָד?
דערצו נאָך אַ דורותדיק־אַלטן אויף עלנטן באָדן?
פֿאַרכּישופֿט האָט מיך ווי אַ געטלעכער סוד
זײַן שטיין אויסגעקרימט אין דער פּראַכט פֿון זײַן שפֿע געלאָדן.

דאָס פֿערטע ליד „דער אַלטער עפּלבוים בליט״ דערציילט ווי גליקלעך דער בוים איז מיט די בלומען באַגינען, מיט די בעכערס צוויט, מיטן פֿרילינג:

זאָל וואַרעמען מיך דאָס ליכט
און רעגן זאָל מיך באָדן —
כ׳וועל טאָן מײַן זומער־פּליכט
מיט עפּל זײַן באַלאָדן.

אַ בוך פֿון עטלעכע הונדערט לידער האָט דער דיכטער אָנגערופֿן מיטן נאָמען פֿון בלויז פּיר, וואָס איז זייער זכות? זייער זכות איז דער עפּלבוים וואָס האָט געבליט אין זײַן שטעטל איהומען, אין ווײַטן ווײַסרוסלאַנד. אַ שטעטל וווּ עס האָט הונדערטער יאָרן געבליט אַ ייִדיש לעבן. זייער זכות איז די בענקשאַפֿט און די ליבשאַפֿט פֿונעם דיכטער צו זײַן שטעטל און צו אַלע אַנדערע טויזנטער ייִדישע שטעטלעך אין מזרח־אייראָפּע וואָס זענען פֿאַרוויסט געוואָרן.

...די בענקשאַפֿט פֿאַרבינדט
דעם מענטש מיט אַ בוים אַפֿילו דורך לײדיקע ווײַטן.
**(פֿון „ליד צום עפּלבוים״)**

אויף דער מאַפּע פֿון ווײַסרוסלאַנד איז נאָך פֿאַראַן דער נאָמען איהומען, מינסקער גובערניע. פֿאַראַן נאָך דאָס שטעטל מיט געסלעך, גערטנער, סעדלעך, מיט שטיבער נײַע און אַלטע. נישטאָ זענען ייִדן. אין די סעדלעך בליִען עפּלביימער, אין לייוויקס ווערטער „אין אַ שפּע פֿון עפּלשן זון־גאָלד די קרוין־קעפּ באַדעקט און ברכהדיק זינקען אַראָפּ ביז צום גראָז זייערע צווײַגן״: ייִדישע אויגן זעען זיי נישט.

*

פֿאַראַן אינעם בוך „אַ בלאַט אויף אַן עפּלבוים״ נאָך אַ ליד וואָס איז גאָר נאָענט צום נאָמען פֿונעם בוך, עס פֿעלט בלויז דאָס וואָרט „עפּל״. די ליד הייסט בפֿירוש „אַ בלאַט אויף אַ בוים״. אַ וווּנדערלעכע וויזיע פֿון אַ דיכטער:

מיט שאָטנס אויף שאָטנס איך קלעטער
אַרויף אויף אַ צווײַג פֿון אַ בוים,
כ'בלײַב הענגען, אַ בלאַט צווישן בלעטער
אין לויטער־געלײַטערטן רוים.

פֿאַרוואָס נישט אויף אַ צווײַג פֿון אַן עפּלבוים? האָט דער דיכטער נישט געוואָלט צעשטערן דעם ריטעם פֿון דער שורה? האָט ער מורא געהאַט אַז עס וועט פֿאַרדריסן אַלע אַנדערע בײַמער?
לייוויקס ענטפֿער: יעדער בוים איז שײַן און ניסימדיק: נישט ווייניקער פֿון אַ מענטשן:

מיר זײַנען נישט מער פֿון דעם בוים
און גוט וואָס מיר זײַנען נישט מערער.

(„ווי דער בוים")

## „די נאָדל“, אַ דערציילונג פֿון י. באַשעוויס

איך לייען אַצינד די דערציילונג צום צווייטן מאָל. איך האָב אויך איין מאָל געהערט זי דערציילן. נישט פֿאָרלייענען, נאָר טאַקע דערציילן, פֿון אויסנווייניק, אָן דעם בוך אין דער האַנט, ווי מע האָט דאָס אפֿשר דערציילט אין אַ ווינטער־נאַכט, אין בית־המדרש „הינטערן אויוון“, אַמאָל, אַמאָל. געטאָן האָט דאָס די באַקאַנטע רעציטאַטאָרין, הדסה קעסטין, די פֿרוי פֿון דיכטער בינם העלער. איך דערמאָן זיך די שטילקייט אין זאַל, דאָס אָנגעשטרענגטע צוהערן זיך פֿון די פֿאַרזאַמלטע, די שמייכלענדיקע פּנימער פֿון הנאה.

אין אונדזער היינטיק לעבן איז די נאָדל נישט דאָס וואָס זי איז געווען אַמאָל. נישט שטאַרק אָנגעלייגט איז זי און באַקומט נישט דעם אַמאָליקן „כּבוד גדול“. היינט האָבן מיר נישט קיין געדולד, קיין צײַט, קיין חשק נעמען נייען, פֿאַרנייען, אויפֿנייען און אַוודאי נישט צו פֿאַרלאַטען אַ מלבוש, פֿאַרצערעווען אַ שקאַר־פּעטקע. מע דאַרף דאָס נישט. עס איז גרינגער, גיכער, אינטערע־סאַנטער, אַרײַנצוגיין אין אַ קראָם און קויפֿן אַ ניי העמד, אַ ניי קלייד. איך גלייב נישט אַז אין אַ סך ייִדישע אַמעריקאַנער היימען ווערט הײַנט גענוצט די נאָדל.

מיר געדענקען אַנדערע צײַטן. דאָס קעסטעלע מיט נאָדל־פֿאָדעם איז געווען אַ גאָר וויכטיקער טייל פֿון דער שטוביקער באַלעבאַטישקייט. עס פֿלעגט שטיין אויף אַ הויכן אָרט. דאָס קינד זאָל נישט דערלאַנגען. מע פֿלעגט דאָס פֿאָרזיכטיק אַראָפּנעמען, אָננעמען מיט וואָרעמע פֿינגער די קילע נאָדל, אַראָפּוויקלען דעם פֿאָדעם און אים אַרײַנציִען אין לעכל בײַ דער שײַן פֿון פֿענצטער, צי פֿון לאָמפּ. נייען פֿלעגט מען פּאַוואָליע, מיט ליבשאַפֿט — עס

איז דאָך פֿאַרן קינד, פֿאַרן מאַן, פֿאַרן ברודער. עס האָט געמאַכט לײַטישער דעם מלבוש, פֿאַרהיט פֿון פֿאַרקילן זיך. עס האָט דער־ציילט ווי גערן איינער דעם אַנדערן איז גרייט צו העלפֿן.

דערפֿאַר איז אסתּר־רויזע אין באַשעוויסעס דערציילונג גע־פֿאָרן קויפֿן אַ נאָדל. זי זוכט פֿאַר איר בן־יחיד אַ כּלה, וואָס זאָל זײַן אַן איידעלע, אַ פֿרײַנטלעכע, ליב האָבן מענטשן און נישט זײַן קיין „גראָבער זאַק". ווייל אַ נאָדל איז נייטיק, פּונקט ווי אַ בעט, אַ שטול, אַ לעפֿל. מיט אַ נאָדל טוט מען אויף גרויסע זאַכן. זי אַליין, אסתּר־רויזע „האָט זיך געלערנט העפֿטן, שטריקן, אויסנייען אויף קאַנווע, און וואָס נישט? זי האָט געהאַט אַ פּאָר גאָלדענע הענט. אַז ס'האָט זיך איר פֿאַרגלוסט, האָט זי זיך אַליין אויפֿגענייט אַ יופּע אָדער אַ פּעלערינע. זי האָט מיר אַמאָל אויך געמאַכט אַ קלייד". איר קאָנפֿראָנטאַציע מיט דער פֿאַרקויפֿערין גיט אונדז באַשעוויס איבער אין אַ הומאָריסטישן דיאַלאָג: (אין דער דער־ציילונג פֿאַרפֿלאָכטן מיט די רייד פֿון מחבר):

— איך דאַרף נישט מער ווי איין נאָדל. האָסט אפֿשר אַנדערע נאָדלען?

— וואָס טויגן נישט די נאָדלען?

— זיי האָבן צו קליינע לעכלעך.

— אַלע נאָדלען האָבן בײַ מיר די אייגענע לעכלעך.

— לאָז מיר אַ קוק טאָן. אפֿשר וועל איך געפֿינען אַ נאָדל מיט אַ גרעסער לעכל.

— פֿון וואַנען זענט עץ, פֿון כעלעם?

נאָך אַנדערע קליינע זאַכן האָבן זיך געפֿונען אַמאָל אין אַ ייִדישער היים און געשאַפֿן די מאַזאַאיק פֿון אַ לעבנס־שטייגער. הײַנט זענען זיי אויס נאַריש, איבעריק. זיי זײַנען נישטאָ אַפֿילו אין אַ מוזעאום. זיי וועלן פֿאַרגעסן ווערן אויב עס וועט נישט קומען אַן אַנדער באַשעוויס און פֿון זיי דערציילן. לאָמיר זאָגן די אויס־געשריבענע פּענעס וואָס זײַנען געווען אַ שפּילצײַג בײַ קינדער; די ליידיקע קלעצלעך פֿאָדעם. פֿון די רעדעלעך בײַ די זײַטן האָט

מען געמאַכט חנוכּה־דריידלעך. הילצערנע הענטלען־פּען, בלע־כענע קלעקערס וואָס מע האָט געוויגט איבער דעם פֿאַרשריבענעם בויגן פּאַפּיר ווי מע וויגט אַ וויגעלע.

דאָס אַרומזוכן אַ „נאָדל מיט אַ גרעסער לעכל" איז נישט געווען אומזיסט. אין אַן אַנדער קראָם האָט זי געפֿונען פֿאַר איר זון אַ כּלה. די פֿאַרקויפֿערקע האָט אַנדערש גערעדט צו אסתּר־רויזען: „צו וואָס זאָלט עץ שטיין? אָט איז אַ שטול, זעצט אײַך!" אויף אַ קלוגע איז זי געווען: „הײַנט פֿאַרלאַנגט דער קונה אַ נאָדל, מאָרגן קאָן ער קומען קויפֿן וואָלנס אויף אַן אויסשטײַער". דער דיאַלאָג איז געווען גאָר אַן אַנדערער:

— מ'קאָן דאָ קריגן אַ נאָדל?

— פֿאַרוואָס נישט? מ'קאָן דאָ אַלץ קריגן.

— כ'זוך אַ נאָדל מיט אַ ביסל אַ גרעסער לעכל.

— איכ'ל אַרויסנעמען אַלע נאָדלען און קלײַבט אײַך אויס וואָס איר ווילט.

— וויזשע קומט עס וואָס ס'געוועלב איז ליידיק?

— אַלץ איז באַשערט. וואָס גאָט גיט דאַרף מען נעמען פֿאַר ליב.

✶

אויף דער טעמע אַז קליינע געגנשטאַנדן צי עפּיזאָדן קאָנען דערפֿירן צו גרויסע געשעענישן האָט מען שוין אַ סך דערציילט, געשריבן דערציילונגען, לידער, משלים. די טעמע געפֿינט מען אין אַלע פֿאָלקלאָרן און אין אַלע ליטעראַטורן, זי ליגט אונדז טיף אין זיכּרון. פֿאַרוואָס זשע לייען איך ווײַטער די מעשׂה מיט דער נאָדל? פֿאַרוואָס איז דער עולם אין זאַל געזעסן פֿאַרכאַפּט ווי ער וואָלט געהערט אַ קאָמוניקאַט פֿון אַ גרויסער פּלוצמעדיקער פּאָליטישער איבערקערעניש אין לאַנד? איז דאָס די וואַרעמקייט פֿון באַשע־וויסעס לשון, די קורצע זאַצן, דער זינגעוודיקער ריטעם? איז דאָס די פֿאַרגאַנגענע וועלט פֿון וועלכער מיר קומען און קענען נישט פֿאַרגעסן?

די קליינע נאָדל האָט אויך דאָ אַרײַנגעבראַכט פֿרייד אין איין הויז און אומגליק אין אַ צווייטן, געמאַכט מענטשן זאָלן טראַכטן אַנדערש און געענדערט דאָס קרעמערישע לעבן אין שטעטל. אסתּר־רויזע און איר משפּחה האָט ווײַטער געלעבט אין נחת, אָבער איטעס משפּחה, די פּאַרקויפּערקע וואָס האָט זיך גראָב אויפֿגעפֿירט, איז חרוב געוואָרן און זי אַליין האָט אָנגעהויבן קרענקען, געוואָרן אַ כּלה פֿאַר אַ גרוש, חתונה געהאַט און צוויי מאָל מפּיל געווען, זיך אײַנגערעדט אַז זי האָט אַראָפּגעשלונגען אַ נאָדל.

„ס׳האָט איר געשטאָכן אין בויך, אין דער ברוסט, אין די לונגען, אין די פֿיס. זי איז אַוועק צום רופֿא, וואָס ווייסט אַ רופֿא? איז זי געפֿאָרן קיין לובלין און אַפֿילו קיין וואַרשע. איין דאָקטער האָט געזאָגט אַזוי, אַ צווייטער דאָקטער אַנדערש. מע האָט איר אויסגעפּאָמפּעט דעם מאָגן, נאָר מ׳האָט נישט געפֿונען קיין נאָדל. באַהיט זאָל מען ווערן!״

נאָך מער: די סוחרטעס אין זאַמאָשטש זײַנען געוואָרן אַלע איידל, כּלה־מיידלעך האָבן זיך געלערנט ווי צו זײַן העפֿלעך. אַז אַ קונה איז געקומען אין קראָם האָט מען אים צוגעטראָגן אַ שטול.

איך לייען איצט די דערציילונג צום צווייטן מאָל. דאָס ערשטע מאָל האָב איך זי געלייענט מיט אַ סך יאָרן צוריק, דאַכט זיך אין „פֿאָרווערטס״. נאָך דעמאָלט האָב איך געוואָלט זיך דערטראַכטן פֿאַרוואָס זי געפֿעלט מיר אַזוי שטאַרק. איך בין נישט זיכער צי איך האָב זיך איצט צו אַלץ דערטראַכט, איך זאָל אַפֿילו צוגעבן די מעלות פֿון קינסטלערישן מהות.

איך טראַכט איצט פֿונעם קעסטעלע מיט נאָדלען, קלעצעלעך פֿאָדעם, נײַע און אָפּגעריסענע קנעפּלעך, וואָס שטייט בײַ מיר אויף דער קאָמאָדע אין צווייטן צימער. שטייט פֿאַררוקט אין אַ טונקעלן ווינקל. זיי וואַרטן אויף וואַרעמע פֿינגער וואָס זאָלן זיי אַרויס־נעמען פֿון די פֿינצטערניש, אַרויפֿטאָן אויף אַ העמד, הויזן, פּינ־זשאַק. צו דערזען אַ ביסל ליכט, אַ שטראַל פֿון דער זון, פֿון א לאָמפּ.

איך טראַכט פֿונעם עולם אין זאַל וואָס האָט געהערט הדסה קעסטין דערציילן באַשעוויסעס דערציילונג. פֿון דער שטילקייט, פֿון די צעשמייכלטע פּנימער. דער גרעסטער טייל עולם איז געווען פֿון מײַן דור, וואָס געדענקט נאָך אַ ביסל יענעם שטייגער לעבן אין די קליינע און גרעסערע ייִדישע שטעטלעך אין מזרח־אייראָפּע. עס זײַנען אויך געווען יונגע ייִדן, געבוירן אין אַמעריקע. אויך זיי זענען געזעסן אײַנגעהערט, געוואָלט גוט פֿאַרשטיין דאָס ייִדישע לשון וואָס זיי האָבן נישט געלערנט.

*

קריטיקערס פֿון באַשעוויסעס שאַפֿן ציטירן אָפֿט זײַן איינמאָ־ליקן זאָג, אַז ליטעראַטור דאַרף פֿאַרווײַלן דעם לייענער. „פֿאַר־ווײַלונג" מיינט שפּיל, צייטפֿאַרטרײַב, זאַבאַווע, שפּאַס, קאַטאָוועס, שפּילערײַ, „גודטײַם", פֿאַרגעניגן (זע נ. סטוטשקאָוו). פֿאַרגעניגן (הנאה) מוז נישט דווקא מיינען גראָבקייט, נאַרישקייט, פּוסטקייט. מיר האָבן פֿאַרגעניגן פֿון אַ שיינעם בוים, אַ זונפֿאַרגאַנג, פֿון אַ שמועס מיט אַ קלוגן מענטשן, פֿון לייענען מענדעלען, אַשן, אָפּאַ־טאָשון, מאָנגערן, שוואַרצן, גראַדען. אויך פֿון באַשעוויסעס דער־ציילונג „די נאָדל".

פּ. ס.

סטוטשקאָוו אין זײַן „אוצר" ברענגט בלויז דעם סובסטאַנ־טיוון „פֿאַרווײַלונג" און דעם פּאַסיוו פֿונעם ווערק (פֿאַרווײַלן זיך); ער גיט נישט אָן דעם אַקטיוון ווערב פֿאַרווײַלן (יענעם, דעם לייענער, דעם עולם); אויך איז בײַ אים נישטאָ דער העברעיִש־אָפּשטאַמיקער האָמאָנים „הנאה", „הנאה האָבן"...

## דייַן ליד געדרוקט

דייַן ליד געדרוקט — איז ניט דייַן ליד.
דו האָסט אויף דעם צו זאָגן ניט.
די ווערטער וואָס געקליבן האָסט
אויף שטענדיק האָבן דיך פֿאַרלאָזט.
זיי שטייען הילפֿלאָז ריי נאָך ריי,
און ווער עס וויל קאָן נעמען זיי,
ניט וויסן גאָר פֿון זייער מיין,
ניט זען, אַז זיי זענען שיין.
און מיט אַ הויכן קול, אַ פֿרעכן,
די שטילקייט וואָס אין זיי פֿאַרשוועכן.

דייַן ליד, געדרוקט, האָט דאָ ניט לאַנג —
אין סאָבוויי אויף צעוויגטער באַנק,
אין דעם גערויש פֿון ראָד און רייד, —
מיט שטילע הימלען דיך באַגלייט.
דאָ ניט לאַנג גערוט בייַ דיר
אויף ווייַסע רחבות׳ן פּאַפּיר;
מיט שוואַכע שורות נאָכגעלאָפֿן
זאָלסט זיי מאַכן שטאַרק, די סטראָפֿן.
געוווּסט די סודות דייַנע האָט,
און אַליין געווען אַ סוד.

## אַן עמערל מיט האַניק

אין אַנדענק פֿון מײַן ברודער ברוך

ווען חודש יוני איז אין בלי
אַ רויטע פּאַזימקע איז זי,
אַן עמערל מיט האַניק שווימט —
אַזוי האָט ער די זון גערימט.
נאָר זי האָט אים געכאַפּט קאַיאָר
בײַ דעם טשוב פֿון זײַנע האָר,
געפֿירט אים איבער גראָז און שטיין,
און פֿאַרנאַכט געלאָזט אַליין
מיט שאַטנס שרעקיקע און גרויס —
בײַ זײַן הונגעריקן הויז.

## גאָר אָפּט

פֿאַראַן איז אומרחמנותדיקס
אין אויסרײַסן אַ קראַנק געוויקס
פֿון וואָרעמער און ווייכער בייט,
אויפֿצוגיין מיט גרינסן גרייט.
אין אָפּרײַסן אַ בלייכע בלאַט
וואָס האָט נאָך ווייניק זון געהאַט.
אַ זינד איז אויך ניט זען ווי
עס שטייט דער בוים אין פֿרישן בלי,
ווי ראָז און ווײַס עס איז זײַן צוויט —
און מיר, גאָר אָפּט, מיר זעען ניט.

## אַ בוים אין שניי

ווײַסע ליכט אין זשיראַנדאָלן,
ווײַסע ווייכע קנוילן וואָלן,
ווײַסע בלימעלעך און בלומען
אין אַ קליאָש אַרײַנגענומען,
אין אַ קליאָש אַ גרויסן, רונדן,
שטײַף מיט צווײַגן צוגעבונדן,
ווײַסע איידעלע אוזאָרן
אין אַ זילבער אײַנגעפֿראָרן
מיט אַ פּלאָנטער און געדריי
אַ בוים אין שניי.

## שניי

פֿון קיין פֿוס נישט אָנגעטראָטן,
פֿון אַ סילועט קיין שאָטן.
איצט געפֿאַלן איז דער שניי —
פֿאַר די הײַזער אַ דערפֿריי,
פֿאַר די הײַזער אַ געשאַנק,
וואָס זיי גרויען יאָרן־לאַנג,
העל און זויבער, אַזש פֿון אויבן
שמייכלען אויף אין ליכט די שויבן,
און די האַנט פֿון אַ פּאָעט
גלעט די ליכטיקייט און גלעט.

## אָוונט

אין פּאַרק געבליבן כ׳בין אַליין,
ווי שטיל געווען איז און ווי שיין!
ווייכע שאָטנס, ווייך און קיל,
האָבן זיך געזאַמלט שטיל.
געאָטעמט שטיל און שטילער האָט
די ווײַטע שײַנענדיקע שטאָט.
און שטיל געווען איז באַרג און בוים,
שטיל דער אָוונטיקער רוים,
שטיל די שטערן אויף זײַן דנאָ,
וואָס האָט געשוויגן שטיל און בלאָ.

## געפּאַר

זי איז געשטאַנען אויפֿן ראָג,
מיט שרעק געקוקט צו קאַר און טראָק,
צום אויג געצונדן גרין און רויט —
האָט זי איר אַלטן גוף פֿאַרטרויט
מײַן האַנט, מיר זאָלן אין געפּאַר
דערשלאָגן זיך צום טראָטואַר.
איר ציטערן האָט לאַנג נאָך דעם
אָנגעפּילט מײַן האַרץ מיט קלעם,
און אויך אַ פֿרייד האָט לאַנג געברענט:
ס׳האָט ווער אָן מיר זיך אָנגעלעהנט.

## ווּעסט קומען

ווּעסטו קומען — וועל איך שמייכלען
צו דעם הימלס בלויע היכלען,
צו דעם אָנגעלויף פֿון שטאָקן,
צו די ביימערקעפּ מיט לאָקן.
זען מיך און דיך אינצווייען
וועלן זיך די הײַזער פֿרייען,
וועלן אַלע שויבן העלן,
יעדער הויז וועט אונדז געפֿעלן.
ווּעסטו קומען, ווּעסט פֿאַרבלײַבן —
וועל איך לידער שיינע שרײַבן.

## ווּעסט נישט קומען

ווּעסט נישט קומען — בלײַבן וועט
דער סאַמעט פֿון אַ פֿינגער־גלעט,
פֿון ליפּ אויף ליפּ די וואַרעמקייט,
פֿון אויגן די באַגערטע פֿרײַד.
ווּעסט ניט קומען — וועל איך זײַן
צווישן הײַזער פֿול מיט שײַן
אַ פֿאַרלאָזן פֿינצטער הויז,
וואָס קוקט פֿאַרשעמט אין גאַס אַרויס.
כ׳וועל נישט טרויערן, נישט בענקען,
נאָר געדענקען, נאָר געדענקען.

## אַ פּיצל בריאה׳לע

אַ פּיצל בריאה׳לע נאָך קלענער פֿון מײַן קלײנעם נאָגל,
איז אויף אַ בויגן װײַס פּאַפּיר אַװעק אין װאָגל.
דער גרױסער װײַסער מדבר אָן אַ סוף און ברעג איז —
װאָגלט שוין, דאָס ברעקעלע, פֿולע פֿינעף רגעס.
איך זע קײן פֿיסלעך נישט, קײן אײגעלעך, קײן רוקן —
אָט אַ פּינטל ברױנס צי געלס, נישטאָ אױף װאָס צו קוקן.
עס קריכט אױף רעבטס, אױף לינקס, קערט זיך אױף צוריק,
פּלוצעם בלײַבט עס שטײן, דערשראָקן פֿון מײַן בליק,
און טוט אַ װאָרף אַרײַן זיך, ס׳בריאה׳לע דאָס פּיצל
אין דעם גרוב פֿון טישקעסטל, צו װערן פֿון מיר ניצול.

## אַ װעװערקע

זי האָט מיך אָנגעקוקט אָן שרעק,
געמאַכט אַ בײגל פֿונעם עק.
דאָס פּנימל מיט אַ געבעט:
אַ ניסל גיב מיר, ניט קײן גלעט.
גוטס האָט זי פֿון מיר דערװאַרט.
נאָר איך — איך האָב זי אָפּגענאַרט.
איך האָב אַ װאָרף געטאָן צו איר
אַ קױטיק קנײַלעכל פּאַפּיר.
זי איז אַװעק. פֿון איר פֿאַרדראָס
דערצײלט האָט זי אַ יונגן גראָז.

## אַ פֿלאַטערל

דאָס פֿלאַטערל איז אָנגעפֿלויגן מיט אַ פֿרייד
צום יאָרצייט-ליכט.
די פֿליגעלער צעשפּרייט,
לאַנג געפֿלאַטערט איבער שייַנענדיקן פּלויט
פֿון גלאָז,
געשטרעקט דאָס גופֿעלע אַלץ נעענטער און נעענטער
צום גאָרנדיקן גלי
פֿון קנויט.
און אַראָפּגעפֿאַלן אויף דער ערד פֿון חלב —
טויט.

*

פּאָסט סקריפּטום:
דער אמת איז, אַז גאָר אַ בלימל
איז דאָס פֿלעמל פֿונעם קנויט,
אַז דאָס פֿלאַטערל אַראָפּגעפֿאַלן
איז אויף אַ בייט פֿון חלב
טויט.

## לעצטע דירה

ווי דעם טײַכל ציט צום ים
און דעם פֿלאַטערל צום פֿלאַם
ציט מיך צו דעם גראָדיק ערד
וואָס איז מיר אַליין באַשערט.
דאָרטן, אינעם פֿרײַען פּאַרק,
צווישן דעם מצבהוואַרג,
אויך פֿאַר מיר וועט זײַן אַ שטיין.
רעגנס וועלן אויף אים גיין,
שנייען וועלן פֿאַלן שיין,
אַ זון וועט אויפֿגיין און פֿאַרגיין.

אַן אייניקל צו מאָל וועט קומען
מיט אַ בוקעט פֿרישע בלומען.
אַ פֿויגל וועט צו מאָל געפֿעלן
אויף דער ערד זיך אָפּצושטעלן
און באַוווּנדערן ווי שיין
עס איז אַ פּאַרק פֿון פּניאָקעס שטיין.
לאַנג וויברירן וועט דערנאָך
פֿון פֿליגל וואַרעמע דער פֿאָך
איבער מײַן געביין. און ס'וועט
בליִען בליִען דער בוקעט.

מײַן לעצטע דירה זײַן װעט דאָרט.
כ׳װעל נישט אױסרעדן קײן װאָרט,
נישט אָנשרײַבן קײן אײנציק אות.
רעדן װעט פֿאַר מיר דאָס גראָז
מיט דינעם שאָרך פֿון פֿײגלטריט.
שרײַבן װעט פֿאַר מיר אַ ליד
דער רעגן מיט זײַן גרױער טינט
(די שורה גרױ און קרום און רינט).
אַ ליד אױף קאַלטן טױטן שטײן,
װאָס נאָר אַ פֿױגל װעט פֿאַרשטײן.

# דער גבול

„איך בין געבליבן שטיין. דאָ איז דער גבול."
א. טאַבאַטשניק

אין אָפּיס גאָר איז ער צו אים אַריַין,
דער טויט — אַ ליכטיק פֿליגעלע פֿון לויטער שיַין.
געשטעלט זיך ווי אַ וואַרעם פּינטל דאָרט,
ווו ס'האָט גערוט זיַין לעצט געשריבן וואָרט,
איז ער אַראָפּגעפֿאַלן טיפֿער אין דער שטול:
דאָ איז דער גבול. מיַין שיַינענדיקער גבול.
געשטאַנען איז דאָס פֿליגעלע אויף דעם פּאַפּיר
שטיל און שיין. און ווען עס האָט געטאָן אַ ריר
די פֿליגעלעך — געוואָרן איז אַ קאַלטער ווינט,
דער אָפּיס איז געשווומען אין אַ שוואַרצן טינט.

# אַלע מאָל

אַלע מאָל דער זעלבער הימל,
די זעלבע שטערן אָן אַ שיעור;
איז איר סמוטנע, דער לבֿנה,
אויף איר לאַנגן נאַכטשפּאַציר.

פֿון די טונקל־טיפֿע הייכן
קוקט אַראָפּ זי, בלייך און קליין,
צו די פֿאַרביק־העלע ליכטער
אין דעם אָנגעוואָרף פֿון שטיין.

צו די בינטלעך אַלטעביימער,
וואָס מיר רופֿן „פּאַרקן" זיי,
צו דעם האַוועניש פֿון ווערטיקאַלע
ברואימלעך אויף פֿיסלעך צוויי.

קוקט אַראָפּ צו מיר אין צימער.
אויבעט דאָ דערפֿרייט זי ניט —
מאַכט די ווענט מיט בלייכע פֿלעקן,
מאַכט מיט פֿלעקן דעם סופֿיט.

## צוויי הויכע הײַזער

צוויי הויכע הײַזער פֿון מאַנהעטן
פֿאַרבלאָנדזשעט האָבן זיי אַהער.
פֿאַרן ווינט אַ שטער צום שטיפֿן,
פֿאַר דער טויב — אין פֿלי אַ שטער.

נישט זעלטן איז דער ווינט, פֿאַרהוליעט,
אין אַ שטײַג אַרײַנגעפֿאַלן,
אויף די גלײַכע ווענט געקראַכן,
איבער מעבל אומגעפֿאַלן.

איז אַ טײַבעלע, דערציילט מען,
מיטן קעפּעלע אַרײַן אין שויב,
ווײַל געמיינט האָט אַז אַנטקעגן
פֿליט אין הימל נאָך אַ טויב.

איך האָב אויך אַ גרויסע טענה
צו די הויכע הײַזער צוויי:
אין אַ טאָג, אַ זוניק־העלן,
לאַנגע שאָטנס שפּרייטן זיי.

## אַלטע לײַט

אַלטע לײַט אין נײַע שטולן,
פֿאַרפּוצטע ווי צו אַ פּאַראַד;
ווײַסע אויפֿגעשוימטע „העירדוס",
פּנימער ראַזירטע גלאַט.

שעהען וועלן זיי דאָ זיצן,
אַזוי ווי נעכטן, אייערנעכטן.
אויסדערציילן פֿון פֿאַרשפּילטע
און געוווּנענע געפֿעכטן.

שעהען וועלן זיי דאָ זיצן,
רעדן שוין־געגרעדטע רייד,
ביז דאָס זילבער פֿון אַ גלעקל
רופֿט צום מאָלצײַט וואָס איז גרייט.

אַ טומלערײַ. אַ קרענקלער הוסטן.
אַ לאַנגזאַם שאָרעווען פֿון פֿיס.
שטול נאָך שטול נאָך שטול ווערט ליידיק.
דער „פּאַראַד" געענדיקט איז.

## אַלטע פּיאַנאָ

מײַן שכנה איז אַמאָל געווען אַ לערערין. געלערנט
שפּילן פּיאַנאָ.
איצטער ציטערן די הענט איר ווען זי טוט אַ צערטל
די קלאַווישן.
איצטער ציטערן די ליפּן אירע ווען עס קלאָגן
אַלטע שטאַרבנדיקע קלאַנגען.
איצטער זעט זי:
די פּיאַנאָ איז גאָר נישט קיין פּיאַנאָ.
זי איז אַן אָפּגעקראָכענע, אַן אומגעלומפּערטע, אַ גרויסע
נאָטע
פֿאַרשריבן אויף אַ בלייכן בויגן
וואַנט.

## אַ פֿידל

דער קאָליר פֿון וויאָנען,
אינעם לײַב צוויי ריסן.
פֿון אַ סמיק, אַ פֿלינקן,
געצערטלט און געשמיסן.

## ווייַסער נעפּל

דער מערב אײַנגעהילט אין נעפּל,
אין ווײַסן נעפּל ווי אין שניי.
די זון פֿאַרגייט אַ קליינע, ווײַסע —
אַ וואַרעם ווײַסל פֿון אַן איי.

איר ווײַסער שימער פֿאַלט אין סקווערל,
אויף בוים, אויף באַנק, אויף טראָטואַר.
און אויפֿן צוגעפּלאַטשטן הויקער
פֿון אַ וואַרטנדיקער קאַר.

אַ פּאָרל זיצט אין גראָז געטוליעט —
צווישן קוסטעס נאָך אַ קוסט.
איר ווײַסע האַנט בײַ אים אין בוזעם,
בײַ אים אין האַנט איר ווײַסע ברוסט.

## אין גרויסן אָפֿיס

אַ וואַנט האָט פֿון אַ וואַנט זיך אָפּגערוקט
וואָס ווײַטער, ווײַטער.
אין גרויסן אָפֿיס
שטייסט אַ שווײַגנדיקער,
קליין.
אַ ברייטער פּלייציקער פּאָטעל
פֿאַרטראָגן האָט דאָס מענטשעלע
אויף צווייטער זײַט
פֿון טיש.
אַ גרויסער
גלאַטער
גלאַנצעדיקער
שטח
טיש.
דײַן האַנט וועט נישט דערלאַנגען.
דײַן וואָרט וועט נישט דערגיין.

## אַ שפּאַציר

דאָס ייִנגל אינעם וועגעלע האָט אַ צעשמייכלט
פּנים. ער זעט: די אויסגעפּוצטע מאַמע
פֿירט אים אויף דער שיינער גאַס. מענטשן
גייען, גייען. אַנטקעגן קומען שטייענדיקע
ביימער. קאַרס אַנטלויפֿן. אויף אַ ווײַסן מויער קלעטערן
באַלקאָנען. זיי טראָגן צו דעם הימל טעפּ
מיט בלומען. פֿענצטער
פֿינקלען.
אַהיימגעקומען.
דאָס ייִנגל אינעם וועגעלע האָט אַ פֿאַרטרויערט
פּנים. ער זעט די פֿיסלעך זײַנע.ביידע
געליימט פֿון פּאָליאָ.

## עס קלייַבט זיך אויף רעגן

עס קלײַבט זיך אויף רעגן,
דאָ איז דער הימל שוין גרוי.
דאָרטן, צווישן מויער און מויער, אַ כמאַרע
ליגט נאָך פֿאַרטונקען אין בלוי.

פּלוצעם — באַהאַלטענער דונער,
פֿון לאַנדשאַפֿט פֿון בייזער אַ ברום.
אַ ליכטיקן בליציקן ציטער
געטאָן האָט פֿון שטיין דער אַרום.

די שויבן אויף גאָר הויכע גאָרנס,
אין סקווערל דער דורשטיקער קוסט.
(פֿאַרטומלט פֿון שטאָטישן טומל
מיר האָבן דערפֿון נישט געוווּסט).

## גאָסרעגן אין גרויסער שטאָט

אָנצוטרינקען זאַט די גרויסע שטאָט
האָט אָנגעגרייט דער הימל
(נישט צום איבערציילן וויפֿל)
גרויע, גראָבע, אָנגעקוואָלענע מיט וואַסער
קנוילן
כמאַרע.
שטייען גאַסן אויפֿגעמאַכט די מיילער.
מיט הויכע ליפּן, שטיינערנע,
און שלינגען,
שלינגען מיט הנאה
שטראָמען רעשיקע וואָס פּליוכען,
פּליוכען
מיט פֿאַרפֿלייצישער בהלה.
מענטשן
קאַרס און טעקסיס
זענען ברוכוואַרג,
זענען ווירבלדיקע נאַסע
שפּענדלער,
זענען שווימענדיקע זינקענדיקע
קעסטלער —
געטריבן אַלע פֿון די כוואַליעס
רעגן.

## ווידער רעגן

אַ בייזער גאָסרעגן באַפֿאַלן איז די שטאָט.
פֿאַרפּליוכעט מויערן,
פֿאַרפֿלייצט די גאַסן.
קאַלוזשעס געמאַכט פֿון טראָטואַרן.
פֿון ביימעלעך לענגאויס דער עוועניו
נאַסע וויכעטן
געמאַכט.
כאָטש נעם און שקראַבע אָפּ מיט זיי
די לעצטע גרודקעס
כמאַרע,
פֿאַרטריקנט
אויפֿן דנאָ.
פֿון הימל.

די וואָלקנקראַצערס ווערן כמאַרעס שטיין. די כמאַרעס
ווערן וואָלקנקראַצערס. הויכע פֿעלדזן ברעכן זיך
מיט קאַלטן בליץ. אין די הימלען
עפֿענען זיך היילן, טיפֿער
פֿון די עוועניוס. מיליאָנען קילאָוואַטן
שטראָמען אין דער טונקלקייט. זיי גייען דורך מײַן בלוט
מיט וואַרעמער בהלה דער ערשטער טראָפּן אויף מײַן האַנט
איז קיל.

## נאָך אַ טאָג און נאַכט פֿון רעגן

נאָך אַ טאָג און נאַכט פֿון רעגן
האָט די גאַס אַן אַנדער מראה:
ביימער — גרויסע גרינע קנוילן,
יעדער בוים — אַ גרינע כמאַרע.

ביזן סאַמע העכסטן גאָרן
האָבן זיי זיך אויפֿגעהויבן.
נאַסע שאָטנס אָנגעהאָנגען
אויף באַלקאָנען איבער שויבן.

כאָטש פֿאַרנומען זענען מענטשן,
האָבן נישט קיין צײַט פֿאַר וווּנדער —
כאַפּן זיי אַ בליק און ווידער
אויף פֿאַרקנוילטער כמאַרע, רונדער.

שפּעטער — צווישן ווענט אין טונקל,
אין געקלאַפּ פֿון דער מאַשין —
וועט פֿאַר זיי אַ בוים אַ הויכער
טאָן אַ שימער, פֿײַכט און גרין.

## אַ בוים אין סקווער

ער ווייסט נישט פֿון קיין זריחה,
ער ווייסט נישט פֿון קיין שקיעה.
זײַן האָריזאָנט — אַ וואַנט מיט פֿענצטער
אַ פֿלייצנדיקע בליצנדיקע ליכטיקייט —
בײַ נאַכט.
פֿון גרויסן הימל איז געגעבן אים
אַ ווינקל בלויז.
עס טרעפֿט:
ער זעט די זון אַ ליכטיקע,
פֿון דער לבנה דאָס געזיכט,
שטערן עטלעכע.
האָט ער מזל — הערט ער ווי
אַ פֿויגל זינגט: טשי־רי, טשי־רי.

*

ער ציטערט
ווען דער ווינט טוט אים אַ שטויס
און ס'פֿאַלן
(מידע, אויסגעבלייכטע)
זײַנע שיינע
בלעטער.
ווען אַ כמאַרע שטרעקט אים אויס
אַ קאַלטע
פֿולע

ברוסט
מיט רעגן.
ער ווייסט:
בקרוב
בלײַבן וועט פֿון אים
אַ סילועט.
בלאָע קעלטן וועלן פֿרירן,
שנייען וועלן אים פֿאַרשמירן,
ווינטן וועלן גראַבלען לאָזן.

## דאָס הײַזעלע פֿון עדגאַר עלען פּאָ

דאָס הײַזעלע פֿון עדגאַר עלען פּאָ
ווערט טרויעריקער, נידעריקער, גראָ,
אַוועק איז פֿון דער וואַנט די קליינע שוואַרצע קראָ.

אַמאָל, אַמאָל איז דאָ געווען אַ וואַלד,
אַ פּאַרק, אַ שיינער גאָרטן. באַלד
וועט בלײַבן טויטער טרוקענער אַספֿאַלט.

אין ווינקל גאַס עס האַלט זיך אָנעט קוים
בײַם שאָטן פֿון אַן אַלטן קראַנקן בוים,
פֿון לעצטער פֿרישער ערד בײַם שמאָלן זוים.

ווער טראַכט פֿון דעם? ווער קומט צו דעם אַצינד?
ניט איך. ניט דו. ניט ער. אַ מאָל דער ווינט,
מיט ביכל אין דער האַנט אַ מאָל אַ קינד.

אַ מאָל אַ פֿויגל מיד פֿון לאַנגן פֿלי,
די איינזאַמע לבֿנה אין איר גלי
מיט בלײכן פּנים פֿון אַנאַבעל לי.

## שורות פֿיר

געלע בלעטער, כמאַרעס גרויע,
אין דעם האַרבסט דעם שפּעטן,
דער שענסטער טרויער וואָס באַשערט איז
ביימער און פּאָעטן.

*

דאָס גרויע ציִען פֿון אַ כמאַרע,
דער געלער פֿלאַטער פֿון אַ בלאַט וואָס פֿאַלט —
דער שענסטער טרויער פֿון אַ דיכטער,
אויך ווען ער איז אַלט.

*

וואָס איז געבליבן פֿונעם פּאַרק?
אַ שײַן פֿון געלן בלעטערוואַרג.
אַ הוילער בוים, אַ פּוסטע באַנק.
דער חלל פֿון אַ זונפֿאַרגאַנג.

*

אויסגעקלונגען האָט די פּיאַנאַ ביזן דינסטן קלאַנג.
אויך דער פֿויגל האָט פֿאַרענדיקט זײַן פּערפֿעקט געזאַנג.
אויפֿן דנאָ פֿון ווײַטע שויבן רויט אַ זונפֿאַרגאַנג,
עס באַדאַרף דיר גאָרניט באַנג טאָן, און עס טוט דיר באַנג.

## RUSH HOUR

כוואַליעס מענטשן קומען אָן פֿון האָריזאָנטן שטיין. זיי זאַמלען זיך
ביַי שווימענדיקע הייסע אינדזלען
פֿון די באָסעס, אומגעדולדיקע און גיכע ווינטן
אינעווייניק. אַלע נאָכגעמאַכטע
גרויסע, קליינע, קליינטשיקע
לבֿנהס
הענגען הילפֿלאָז מיט די הענט אַראָפּ און וויַיזן
האַלב נאָך פֿינף. אין די טיפֿענישן
לויפֿן סאָבווייס אָנגעפּאַקט מיט נאַסע
פֿליישן. פֿאַר די שלעפֿעריקע אויגן
שווימט רונד און וויַיס
אַ זייפֿל. עס איז שענער
פֿון אַן אמתער לבֿנה.

## אין אַ באָס פֿון לייקוואוד קיין ניו־יאָרק

די פֿעלדער וועלן באַלד נישט זיַין. איך וועל זיי שפּעטער זען
אויף אַ טעלער מיט סאַלאַד. דערוויַיל
דרייען זיי זיך ווי די פּליטן אויף אַ פֿאָנאָגראַף. ביַי מיַין שכנה
שריַיט נאָך אין די אויערן די טעלעוויזיע. דורכן פֿענצטער
אָטעמט זי צום האָריזאָנט
די וואַרעמע עקסטאַזן פֿון דער נאַכט. ביז דער וועט קומען,
וואָס איז פֿון שטיין
און קאַלט. פֿאַר מיַינע אויגן
וועט דער טעלער מיט סאַלאַד זיך דרייען
ווי אַ פּליטע אויף אַ פֿאָנאָגראַף.

## אַ בוים אין פּאַרק

ער האָט געקאָנט דאָך זײַן אַ שײנער בוים,
מיט גלאַטן שטאַם,
מיט גלײַכע צװײַגן,
מיט פֿרישן גרין —
װי ער געװען איז,
האָט װער כאַאָטיש אױסגעקרימט די צװײַגן זײַנע
באַהאַנגען זײ
מיט הױפֿנס
בלײכע אָפּגעצערטע
בלעטער,
האָט װער געהײסן װאַקסן אײַנגעבױגן מיט אַ האָרב
דעם שטאַם
(נישטאָ קײן קעמל דאָ זיך צו פּאַרקוקן),
האָט אפֿשר גאָר אַ דיכטער אים
געגעבן אַ „גוט־אױג״:
געקוקט אױף אים נישט אײן מאָל מיט אַ קנאה,
געװאָלט אַ בױם אַ שלאַנקער זײַן,
װי ער.

װי ברידער זײַנע אין דעם פּאַרק
האָט ער געקאָנט דאָך זײַן אַ שײנער בוים!

## וואַסערן פֿון נאַכט

אין די וואַסערן פֿון נאַכט
סטאַרטשען שײַנענדיקע סטאַלעגמיטן,
ווי וואָלקן־קראַצערס,
פֿאַרגאָסענע מיט ליכט פֿון פֿינטעלער לבֿנה.
די מענטשן אַרום זיי —
געוויקסן שווימענדיקע
מיט וואָרצלען אין געבוי פֿון פֿיס,
מיט בלעטער — הענט,
פּלאָנטערן אַרום כאַאָטיש
דורך טונקעלע טונעלן,
דורך תּהומען פֿינצטערע פֿון סאָבווייס,
באַהאַלטן זיך אין לויפֿנדיקע היילן
פֿון לימוזינען,
אויטאָבוסן,
און ס׳יאָגט נאָך זיי אַ כוואַליע נאָך אַ כוואַליע
נאַכט.

## נישט פֿון שרעק

נישט פֿון שרעק
פֿאַר אויגן אָנגעלאָפֿענע
מיט רויט
האָט דער מאַן אין קאַר
אָפּגעשטעלט זײַן האַנט
וואָס אויפֿן רעדל
נישט פֿון שרעק
האָט די ליידי צוגעמאַכט דעם ראַדיאָ.
ווײַל געקומען איז ער
שטיל
און ווײַס
און פּלוצעם —
האָבן אויפֿגעהערט די רייד,
האָט אײַנגעשטילט
דער ליאַרעם פֿון די רעדער.
האָבן אויסגעשטעלט זיך הײַזער
אין צוויי לאַנגע רייען
זען ווי עס פֿאַלט,
און פֿאַלט
אַ שניי.

# אַ מאַמע בלויז פֿון האַלדז און פּנים

פֿאַר בערעלען (ישׂראל־בער)

מײַן אייניקל פֿון אַנדערטהאַלבן יאָר
דערזען האָט זײַן מאַמען אויף דער וואַנט
אָן פֿיס,
אָן טאָרסאָ,
אַ מאַמע בלויז פֿון האַלדז און פּנים,
פֿון לאַנגע שיין־פֿאַרקעמטע האָר.
אַ מאַמע נאָענט איבער אים,
(אין זיידנס ווינונג),
וואָס קוקט און קוקט
מיט אומבאַוועגלעכע, מיט גרויסע אויגן
צום פֿענצטער גאָר!
איז ער, מײַן אייניקל פֿון אָנדערטהאַלבן יאָר,
אַנטלאָפֿן צו דער קיך,
אין פּאַניק
געשריגן: מאַ!
דערנאָך אויף גיך צוריק צום בילד
מיט שרעק,
און זיסער שטוינונג.

## ווידער מאַי

זײַן זיקנה טוט דער בוים פֿאַרשטעלן
מיט בוקעטן בליִעכץ פֿרישן, העלן.
(ער וויל דער דיכטער ווידער זאָל
באַזינגען אים, ווי גאָר אַמאָל־אַמאָל).
אַ וועווערקע אין שטיפֿערישן קלעטער —
עס שטיפּט אַ ציטער איבער צווײַג און בלעטער.
אַ פֿויגל פֿרייט זיך וואָס דער הימל בלאָ איז —
צוויטשערט ער מיט פֿויגלשער הנאה.
אַ פֿײַכטער רעגנוואָרעם פֿינקלט ראָז —
פֿון זון אַ שטראַל באַהאַלטן אינעם גראָז.

אויך איך מײַן עלטער טו פֿאַרשטעלן
מיט שיינקייטן פֿון מאַי. איך וויל אויך
געפֿעלן.

## איר לויטער פּנים

ווידער האָב איך הײַנט געטראַכט פֿון דעם
ווי פֿרײַנדלעך ס׳איז
די זון.
נישט דעמאָלט ווען זי דראָט מיט שׂריפֿה —
בעתן קומען אויף דער וועלט,
בײַ דעם אַוועקגיין.
ווי פֿרײַנדלעך איז די זון
אין וואַרעמען געמיט פֿון מיטנטאָג,
ווען הימל איבער שטאָט הענגט בלוי און ווײַט —
נישט צו דערגרייכן פֿאַרן וואָלקנקראַצער.
איר לויטער פּנים
שמייכלט איצט שעה נאָך שעה
צו מיר,
צום בוים,
צום פֿענצטער אויפֿן צענטן שטאָק.
האָט איר געזען ווען אַ מענטשנס פּנים
שמייכלען
שעה נאָך שעה?

## אַ בין אויף דער שויב

גּעשײַנט האָט דאָס פֿענצטער, אַ פּאַסיקל אָפֿן.
וואָס „טרעפֿן זאָל נישט״ — מיט איר האָט געטראָפֿן.
מיט גליטשיקן בלאָ איז געוואָרן פֿאַרשטעלט
איר גאָלדענע, זיסע און וואַרעמע וועלט.
די בין האָט אין שויב מיטן גופֿל געשטויסן —
געוואָלט פֿון דער תּפֿיסה אַרויס צו דעם דרויסן.
געזשומעט האָט זי מיט אַ שטעכעדיק זשומען
פֿון כּעס און חרטה אויף איר נאַרישן קומען.
פֿליִען און קריכן געפּרוּווט צו דעם ראַנד
פֿון גלעזערנער הויכער גיגאַנטישער וואַנט.
געטאָן מיט עקשנות אַ האַסטיקן לויף,
געפֿאַלן אין ראָם מיטן בײַכל אַרויף.
זי האָט זיך דערשלאָגן לסוף צו דעם ברעג
פֿון פּאַסיקל חלל, און זי איז אַוועק,
אין לויטערער לופֿט זיך געגעבן אַ טונק,
געלויכטן אַ רגע — אַ גאָלדענער פֿונק.

# איך וועל שטאַרבן אין דער שטאָט ניו־יאָרק

פֿאַר מ. חרץ

...און איך וועל שטאַרבן אין דער שטאָט ניו־יאָרק,
ביַים איבערגיין די גאַס, ביַים סאַמע ראָג,
פֿאַרקוקט אין הימל צו דעם הויכן הויז,
אין אַ שיינעם זומערדיקן טאָג.

פֿאַרקוקט אין הימל צו דעם הויכן הויז —
אַ שלאַנקער דריידל מיטן קאָפּ אַראָפּ,
צו כוואַליעס מענטשן ווי זיי שטראָמען אָן,
צו כוואַליעס מענטשן ווי זיי שטראָמען אָפּ.

צו אויטאָס ריזיקע, וואָס בליַיבן שטיין
פֿאַר רויטער שיַין, אַ פּינטעלע די גרייס —
דאַן וועט אַ שיכּורע צעווילדעוועטע קאַר,
אַרויפֿפֿאַלן אויף מיר מיט אָטעם הייס.

צי אפֿשר שטאַרבן וועל איך גאָר ביַי נאַכט,
ווען לאָמפּן שיַינען ליכטיקער פֿון שטערן.
אויך די פֿינצטערניש אין שטיַיג פֿון מיַינע ריפּן
וועט פֿון אַ מעסערשטראַל באַלויכטן ווערן.

## אין מײַן צימער

אין מײַן צימער קומען זאָל ער
מיט טויזנט אויגן, צי מיט צוויי;
אַראָפּבייגן מײַן קאָפּ צום טישל,
טאָן אַ קלעם דאָס האַרץ מיט וויי.

עס זאָל קיין אַמבולאַנס נישט יאָגן
צום שפּיטאָל מיט אַ געוואָי,
ווו אַן אַפּאַראַט — אַ דאָקטער —
מיך באַטראַכטן וועט גענוי.

אין מײַן צימער קומען זאָל ער,
מיט טויזנט אויגן, צי מיט צוויי;
לעבן פֿריינד מײַנעם, מײַן טישל,
אָפּגיין זאָל איך אָן געשריי.

הערן בלויז דאָס שעפּטשען וואָרעם
פֿון פֿאַרשריבענעם פּאַפּיר,
ביז די פּען, אַן אָפּגעקילטע,
פֿאַלט אַרויס פֿון האַנט בײַ מיר.

92

## אַ כּוס מיט טיי

כ׳האָב יענעם סדר נישט פֿאַרגעסן ביז אַצינד.
מיר זיצן מיט דער באָבען — איך, אַ קינד,
די ברידער עלטערע — אַרום דעם טיש געגרייטן,
מיט ווײַסן פּעכלדיקן טישטעך אַ פֿאַרשפּרייטן.
מיט שײַנענדיקע טעלער, טעלערלעך און שאָלן,
(פֿאַרבליבן פֿון די גבירישע אַמאָלן).
מיט כּוסהלעך אויף ווײַן. און לעבן זיי
אַ טשײַניק מיט פֿאַרזיסטער קאַלטער טיי.
אויף מצה, גרינס, הגדות. איין ברודער נעמט
דעם כּוס מיט טיי אין האַנט און קוקט פֿאַרשעמט.
דער באָבעס פּנים אויפֿגערודערט ווערט:
— עס איז זײַן רצון, אַזוי איז אונדז באַשערט.

*

כ׳האָב יענעם סדר נישט פֿאַרגעסן ביז אַצינד,
כאָטש אין זכּרון בילד נאָך בילד צערינט.
נאָך זע איך קלאָר: אַ פֿלעמל פֿון די ליכט
קוקט אַרויס פֿון כּוסהלע, קוקט מיר אין געזיכט.
דאָס פֿלעמל ציטערט, ציטערט, טונקלט און צעהעלט,
מיט דער טיי דאָס כּוסהלע זייער מיר געפֿעלט,
ס׳האָט דעם קאָליר פֿון פּסחדיקע ניס,
די פֿליסיקייט איז מלא־טעמיק זיס,
(פֿאַרמישט מיט קילער זילבערדיקער שײַן)
ס׳איז ליכטיק מיר און וויל מיר אָן דעם ווײַן,
איך שטעל זיך אויף און פֿרעג די קשיות פֿיר,
שיין און שענער שײַנט דער טישטעך, דאָס געשיר.

*

כ׳האָב יענעם סדר נישט פֿאַרגעסן ביז אַצינד.
אַ גראָזיק פֿעלד אין חלום האָט געגרינט,
און מיט דער סטעזשקע, הויך און שטאַלטנע גייט
דער באָבעס אליהו, דער וואָס שטילערהייט
געלערנט דאַווענען אַ קאַנטאָניסט ער האָט
(איך, די גראָזן, האָרכן איַין זיך צו זיַין טראָט).
ער נעמט אַרום מיך, ווי קיינער נישט אַזוי;
זיַין באָרד רירט אָן מיַין פּנים גרינג און גרוי:
— אַ שיינער סדר איז געווען ביַי דיר אין שטוב,
צוויי מאָל האָב איך פֿון כּוס געטאָן אַ לאַנגן זופּ.

## פֿאָטאָגראַפֿיעס

.1

פֿון יענער זײַט אַטלאַנטיק זי געבראַכט איך האָב.
אויף אַ פֿערד אַ פֿלינקן אַ זעלנער אין גאַלאָפּ.
די לייצעס אין דער לינקער, אַ שאַבליע לאַנג און קרום,
אין דער האַנט דער רעכטער סטראַשעט דעם אַרום;
דעם טאָל וואָס סילועטן שטאָלענע באַהאַלט,
דעם בערגל וואָס מיט קורצע בלייכע בליצן קנאַלט.

נישטאָ דאָ קיין אַרום. קיין באַרג נישטאָ, קיין טאָל.
דאָס בילד איז אין אַ רעמל, גראָדעקעדיק און שמאָל.
דאָס פֿערד איז פֿון קאַרטאָן, דער זעלנער פֿון קאַרטאָן,
אָבער דאָס געזיכט, אין שויב אַרײַנגעטאָן,
איז אַ געזיכט אַ לעבעדיקס, טײַער מיר ביז גאָר —
עס איז מײַן ברודער שמחה׳ס, צו זײַנע צוואָנציק יאָר.

ער האָט געדינט געדולדיק אין פּוילישער אַרמיי
צוויי לאַנגע, לאַנגע יאָר, און נישט דערציילט פֿון זיי.

.2

איבער דער טיר צו דעם פֿראַנטאָוון חדר
איז דאָס בילד געהאָנגען.
די ראַם אַרומגענומען האָט פּירקאַנטיק
דאָס פּנים פֿון מײַן שוועסטער,
איר ווײַסע בלוזקע
פֿאַרשפּיליעט בײַ דעם האַלדז
מיט צוויי גרויסע שוואַרצע פֿליגלען
פֿון אַ פֿלאָרע.
איך האָב געוווּסט:
מײַן שוועסטער וויל אַראָפּ צו מיר,
צום קליינטשיק ברודערל וואָס איז געבליבן
אָן אַ שוועסטער.
מיט ביידע אָרעמס שפּאַרט זי אויף דער ראַם,
פּרעסט ענגער צו דעם גלאָז די ברוסט.
איך האָב געוווּסט:
קיינמאָל,
קיינמאָל וועט זי נישט אַרויס פֿון בילד —
אַ פֿויגל
מיט צוויי גרויסע שוואַרצע פֿליגלען
שטיקט זי.

## דעם שכנס גאָרטן

סראָליק שנײַדערס גאָרטן האָט אַרײַנגעקוקט אין שויב
מיט געלע גוטע אויגן פֿון די קערן.
עס זענען חן־גריבלער געווען
די ברוינע רונדע דיניעס.
לאַנגע גרינע שמייכלען
זענען אוגערקעס געווען.
— גוט־מאָרגן, גאָרטן!
— גוט־יאָר, מײַן שכן!

## ליידיקער שטאַל

שוין לאַנג אַז דאָ געשטאַנען איז אַ קו.
דורך שפּאַלט אין טיר
האָב איך נאָך אַלץ געזען אין דער ליידיקייט
די ברוינע גלאַנצעדיקע פֿעל,
באַקלעפּט
מיט שטרויעלער פֿון שײַן.
דעם פֿולן רונדן אײַטער
ווי אַ וואַרעם בערגל
רו.
געווען איז דאָס דער זומער־טאָג
ברוין און פֿול
און וואַרעם ווי אַ קו.

## עפּל

איך האָב דערמאָנט זיך היינט דער באָבעס עפּל
געבאַקענע אין אויוון אויף אַ בלעך.
אָ, ווי שטאַרק איך בין אין כּעס געווען
אויף מיין באָבען!
וואָס האָט זי געטאָן מיט זיי?
וואָס האָט זי געמאַכט פֿון זיי?
ווי אין די ביכלעך פֿון דער ביבליאָטעק
האָט זי די גרויסע שמעקעדיקע עפּל
אַ כּישוף אָפּגעטאָן:
זי האָט זיי איינגעשרומפּן.
די גלאַטע בעקעלעך צעקנייטשט,
געמאַכט זיי בלייך, געמאַכט זיי אַלט.
אויך שטיקער הויט פֿון זיי אַראָפּגעריסן.
די אָרעמע!
אַזאַ מין היץ אַריבערטראָגן!
ווער איז דאָס געטראָטן איבער זיי
אויף לאַנגער שוואַרצער בייט,
אַז דאָ און דאָרט איז זיי דער אינגעווייד אַרויס?
אויב ווייניק נאָך —
האָט זי די הייסע ווונדן זייערע דערנאָך
געדיכט באַשאָטן מיט דינעם דראָבנעם מעלעץ.
ווי לאַנג קען זיין אין כּעס אַ זיבניאָריקער,
ווען ס'קלעמט ביים לעפֿעלע דער הונגער?
באַלד האָב איך אַזאַ צעשעדיקטן
געהאַלטן אין די פֿינגער,
אַריינגעטאָן די ציינדעלעך אין אים —
און עס איז אַ וואַרעמער אַ זיסער פֿאַרגעניגן
גערונען איבער מיינע ליפּן.

# אַ ייִנגעלע פֿון פּוילן

און מיר —
מיר בענקט זיך נאָך אַ ייִנגעלע פֿון פּוילן,
אין הייזעלער פֿון קאָרט,
אין שיכעלער מיט לעכערדיקע זוילן.
אַ ייִנגעלע וואָס לויפֿט גאַנץ פֿרי אין שול
מיט דעם שאָסיי.
ער האָט אין טעקע:
אַ שטיקל ברויט מיט אייל,
די פֿרייד פֿון מאָטלען און אַ קעלבלס מעקע.
מיר בענקט זיך נאָך אַ ייִנגעלע פֿון פּוילן,
אַ ייִדיש ייִנגעלע,
וואָס הערט אין קלאַס די ווערטער פֿון בן אמוץ,
און זעט אַ לאַנד אין גאָלד פֿון זאַמד און זון,
מיט שטעט און דערפֿעלעך אין אַ קאָליר פֿון מילך,
און זעט אַ שלווהדיקן באַרג
אין בלוי און גרין,
מיט אַ שאָסיי.
און אַלע מענטשן גייען דאָרט אַהין,
דאָס גאַנצע שטעטל גייט
מיט דעם שאָסיי:
די גויים פֿון דער פֿאָרשטאָט, די ייִדן פֿונעם מאַרק.
און איבער זײַנע גלידער רינט אַ האָניקדיקע פֿרייד.

## האָלצהעקערס

צוויי האָלצהעקערס
מיט שווערע שטײַפֿע לײַוונטענע פּיס,
געדריקט האָבן צו ערד די פֿרישע קלעצלעך,
מיט פֿליִענדיקע העק די הויט געריסן זיי,
געמאַכט זיי ווונדן, געשפּאָלטן.
דער בוים דערנעבן
געקוקט אין אַלע זײַטן האָט
מיט שרעק אין זײַנע פֿלוימען־אויגן,
און הינטער מיר באַהאַלטן זיך.

## דײַטשלאַנד 1946

די האַנט וואָס האָט געשלאָגן וועט קיין פֿרײַנד נישט ווערן
עס וועלן גוט נישט זײַן די ליפּן פֿון סאַדיסט.
אויף דײַנע גאַסן, דײַטשלאַנד, וועל איך אייביק הערן
דעם יאָמער פֿון מײַן שטעטל וואָס דו האָסט פֿאַרוויסט.

דער רעגן טוט דעם שטיין דערפֿרישן,
דער ווינט פֿאַריאָגן טוט דעם שטויב פֿון ווענט.
סײַ רעגן און סײַ ווינט — זיי וועלן ניט פֿאַרווישן
דאָס בלוט פֿון מערדערישע הענט.

ווען מײַנע אויגן זעען דײַנע שיינע הויפֿן,
ווען ס'טרעטן מײַנע פֿיס דײַן אַספֿאַלטירטן וועג —
אין וויסטע וועלדער וויל איך דאַן אַנטלויפֿן,
אויף וויסטע פֿעלדער וויל איך דאַן אַוועק.

## שטוטגאַרט

ביסט שיין.
מיר איז טרויעריק פֿון דעם וואָס דו ביסט שיין.
אַזויפֿיל הימל איבער דיר — און מיר פֿעלט לופֿט.
אַזויפֿיל מענטשן אויף דער גאַס — און כ׳בין אַליין.

דײַנע הײַזער שטייען רחבותדיק אויף גרינע שטאַפּלען.
די פֿענצטער ווישט דער טאָג מיט פֿײַכטע וואָלקנס,
און לאָזט אין זיי אַ לעבעדיקע זון זיך צאַפּלען.

אין דײַנע הויפֿן ליגט דער האָריזאָנט בײַ סאַמע ווענט
אינאיינעם מיטן עפּלסאָד.
מענטשן רירן אָן אים מיט די הענט.

פֿון זיי האָט עמעצער מײַן היים פֿאַרברענט.
פֿאַרטראָג איך ניט: די אויסגעווישטע פֿענצטער, גרויס און קלאָר,
די לעבעדיקע זון, וואָס צאַפּלט זיך אין מײַנע האָר.

פֿאַרטראָג איך ניט דעם האָריזאָנט, וואָס האָט דעם בליק בײַ יענעם
ניט מילד געמאַכט,
דעם עפּלסאָד, וואָס האָט אים זיסע פֿרוכט געבראַכט.

ביסט שיין.
מיר איז טרויעריק פֿון דעם, וואָס דו ביסט שיין.

## ווּעסט קומען אויף דער וועלט

ווּעסט קומען אויף דער וועלט מיט קלאָרע אויגן
אין שטרענגער שעה פֿון ווייַסן פֿעברואַר.
איך, דייַן טאַטע, וועל דעם קאָפּ — געבויגן
צו דער ערד, דעם בליק באַהאַלטן שטאַר.

כ׳וועל פֿון פֿריידן קלערן, וואָס איך דאַרף דיר געבן,
און ווייס נישט וויאַזוי צו ברענגען זיי פֿאַר דיר.
ווייַל כ׳שטיי אַליין נאָך בייַ דער שוועל פֿון לעבן
און קען נישט עפֿענען צו פֿרייד די טיר

כ׳זאָל ענדלעך וואַרעמקייט פֿון היים דערפֿילן.
מיט שמייכלענדיקע ליפּן זאָגן: כ׳בין בייַ זיך.
איצט וועל איך אייַנגעמידטן גוף פֿאַרהילן
אין אַ ריינער אויסגעפּרעסטער ציך.

(1947)

## באַנען

די באַן פֿירט ווײַטער מיך אַוועק,
פֿון מײַן געבוירנלאַנד אַלץ ווײַטער, ווײַטער.
די הימלען זיינען אָן אַ ברעג
און פֿלאַקערן אין שקיעה־שײַטער.

עס לויפֿט די באַן, אַ גרויסע שׂריפֿה
האָט די זון צעלייגט אין רוימען.
ברענען דאָס אַזוי די הויפֿן ?
רויכערן אַזוי די קוימענס

פֿון פֿאַרשאָלטענעם מיידאַנעק ?
עס איז דער מערב איצט אַ שײַטער.
און עס טראָגן מיך די באַנען
ווײַטער, ווײַטער, ווײַטער, ווײַטער.

## יונגע מאַמעס

יונגע מאַמעס ייִדישע, איך האָב אײַך ליב!
איך האָב אײַך ליב ווײַל איר זענט יונג און שיין,
און ווײַל איר קומט אין שײַנענדיקן פּאַרק
מיט קינדער ליכטיקע, ווי איר אַליין.

מיידעלעך ווי בלימעלעך אין בלי,
ייִנגעלעך ווי ביימלעך הויך און שלאַנק.
ייִנגעלעך מיט פּנימלעך פֿון לויטער זון,
מיידעלעך מיט שטימעלעך פֿון ריין געזאַנג.

אויף אײַער ליפּ קלינגט קלאָר די שפּראַך פֿון לאַנד,
און אויבעט: „זונעלע" און „אַ געזונט אויף דיר".
מײַן חלום זעט: אין מזלדיקער שעה
אַ מאַמע פֿירט אַרײַן איר קינד אין שול צו מיר.

מיר האָבן קינדער דאָרטן ווו די זון פֿאַרגייט,
ווו האָריזאָנטן זענען רויטיק אַש אין גלי.
מיר דאַרפֿן זיי אין שול, מיר דאַרפֿן זיי אין פּאַרק,
מיר דאַרפֿן זיי, די בלימעלעך אין בלי.

## צו אַ יונגער מאַמען

אין וואָס וועסטו די ליבשאַפֿט צו דײַן קינד אַרײַנטאָן,
יונגע מאַמע ?

נישט אין דער חלה.
דו וועסט די מעל אין דייזשע נישט פֿאַרקנעטן
מיט טאַנצנדיקע פֿינגער.
בײַ נאַכט נישט הערן מיט אַ פֿרייד
ווי ברכהדיק
עס וואַקסט און וואַקסט דאָס טייג,
פֿאַרדעקט מיט פֿינצטערניש
און מיט אַ קישן.
דעם אויוון וועסטו אויך נישט מאַכן,
צו זען, אַז די קײַלעכדיקע, ברוינע
בערגלעך חלה
זענען ווי די פּוכקע בעקעלעך
פֿון קינד.
דו וועסט, אַ גליקלעכע, נישט אונטערטראָגן דעם
אַ רעפֿטעלע
פֿון מאַמעס אָנגעהאָרעוועטער
ליבשאַפֿט.

נישט אינעם קליידעלע.
דו וועסט נישט איבער קראָמען גיין,
די סחורה קריגן,
וואָס פּאַסט זיך צו די פֿרישע, יונגע
אייגעלעך.

נישט שנײַדן מיט אַ ציטערדיקער שער.
עס זאָל, חלילה, נישט אַרויסקומען צו ענג
דאָס קעלנערל,
צו לאַנג דאָס סטענדל.
דו װעסט דאָס קלײדעלע נישט װאַשן
מיט בלאָװס
פֿון דעם קאַיאָר.

יונגע מאַמע,
אין װאָס װעסטו די ליבשאַפֿט צו דײַן קינד אַרײַנטאָן ?

# פֿירנדיק מײַן זון אין שול

איך האַלט אים נישט בײַם הענטל און איך פֿיל
ווי ווייך און וואַרעם זײַנע פֿינגער זענען.
איך קוק נישט אין די אויגן אים אַרײַן, און ווייס
ווי שיין און גרויס זיי גלאַנצן אין פֿרימאָרגן.
איך רוף אים נישט מיט אַלע ליבע נעמען,
וואָס עס האָט אַ טאַטע פֿאַר זײַן קינד.
איך זאָג בלויז: זון. און פֿון אַלע זײַנע פּלאַפּלענישן
הער איך איין און איינציק וואָרט בלויז:
טאַטע.

## דער לבנה'ס געבעט

שיקט מיר נישט די מענטשן פֿונעם ערדקויל
מיט זייער חכמה, פֿלײַס און פֿעיִקייטן.
זאָלן זיי כאָטש טויזנט יאָר נאָך וואַרטן,
זאָלן זיי נאָך טויזנט יאָר זיך גרייטן.

מיט דראָענדיקע ריטמישע געברומען
פֿון די מעטאַלענע גיגאַנטן־הײשעריקן
טוען זיך די האָריזאָנטן וואַרגן.
טוען זיך די הימלען שטיקן.

זיי בויען הײַזער העכער אַלץ און העכער
און דערטרינקען זיי אין פֿלאַמען,
די לעבעדיקע טאַנצנדיקע טײַכן
טוען זיי אַליין פֿאַרסמען.

זיי האָבן פֿרוכט און קאָרן, וואַסערן צו טרינקען,
קליידער פֿאַרביקע אין פֿולע קלייטן.
היימען האָבן זיי מיט ליכט און וואַרעמקייט —
און ראַבעווען און טייטן.

שיקט מיר נישט די מענטשן פֿונעם ערדקויל
מיט זייער חכמה פֿעיִקייט און פֿלײַס.
אַ נישט־באַווינטע לאָזט מיך זײַן, און עלנט
וואַנדערן אין הימלען, שטיל און ווײַס.

## מיט פּענעס געשריבן

פֿון אַלטמאָדישע לידער די סטראָפֿן
מיט גראַמען, געדאַנק און געמיט —
זיי זענען דעם וועג מיר פֿאַרלאָפֿן
בײַם שרײַבן מאָדערנע אַ ליד.

די סטראָפֿן געשריבן אַמאָל נאָך, מיט פּענעס געשריבן,
וואָס האָבן גענאָגט פֿון די טינטערס דעם טינט —
זיי האָבן געאָטעמט מיט האָפֿן און ליבן,
מיט אָטעם פֿון גראָז ווען עס גרינט.

בײַ נאַפֿטלאָמפּן קאַרגע געשריבן מיט ציטער,
בײַ מאָגערע ליכטלעך וואָס גייען באַלד אויס;
דער גלויבן אין שיינעם און ריינעם נאָך גליט ער
פֿון זייערע שורות אַרויס.

בײַם שײַן פֿון פֿלאָרעסצענט מײַן העפֿטל ליגט אָפֿן,
די פּען איז מיט טינט, וואָס וועט סטײַען אויף לאַנג.
ווען קומען איר וועט — מײַנע אייגענע סטראָפֿן —
ברענגט לידער אַלטמאָדיש, אַ דאַנק.

## יִדישע מאַמעס פֿון שטעטלעך אין פּוילן

יִדישע מאַמעס פֿון שטעטלעך אין פּוילן!
וואָס וועלן די אייניקלעך אונדזערע וויסן
פֿון אײַערע זאָרגן און שרעקן? און אויבעט
פֿון חתונות שיינע און פֿריילעכע בריתן?

יִדישע מאַמעס פֿון שטעטלעך אין פּוילן!
ווער וועט דערציילן די אייניקלעך, ווער,
ווי זינגען איר פֿלעגט פֿאַרן אויער פֿון וויגל,
פֿאַר אויגן פֿון בליצלאָמפּן טאַנצן אַ שער?

ווי זיצן פֿלעגט איר אין די זומער־פֿאַרנאַכטן
אויף רוּיקע שוועלן מיט קליינוואַרג אין דרימל.
(דער הימל איז וואַרעם ווי אײַער געמיט איז,
און אײַער געמיט איז אַ וואַרעמער הימל).

איר האָט נישט געזאָגט צו זיי שפּעטער: זײַט ביטער!
פֿאַראַן שלעכטע מענטשן, אויך שלעכט זײַן דאַרפֿט איר!
געזאָגט האָט איר: טײַערע, גייט און געפֿינט אײַך
אַ העלפֿיקע האַנט און אַ פֿרײַנטלעכע טיר!

גוט איז געווען אײַך אין איינזאַמקייט באַנגער
צו וויסן פֿון קינדער אין שרעקיקער ווײַט,
וואָס זענען אין אייגענע בעטן געשלאָפֿן,
אין אייגענע העמדער פֿון לײַוונט צי זײַד.

מיר גיבן, די אייניקלעך אונדזערע, נעמען
פֿון אײַך, פֿון די מאַמעס פֿון שטעטלעך אין פּוילן,
זיי זאָלן אין שעהען פֿון ייִדישן אומרו
דערמאָנען די פֿריידן, דערמאָנען די גרווילן.

נישטאָ זענט איר מער אין די זומער־פֿאַרנאַכטן,
אין אָפֿענע גריבער רוט אײַער געביין.
אָ, ייִדישע מאַמעס, עס וועט אײַער אָנדענק
מאַכן די היימען פֿון אייניקלעך שיין.

## מיט בייזע רייד

מיט בייזע רייד, מיט שרײַענדיקע לידער
פֿאַרשעמען זיי דעם אָנדענק פֿון אַ דור,
וואָס האָט אין פֿינצטערן, אין ענגן נידער,
געחלומט פֿון אַ הימל, ריין און קלאָר.

דער נידער — גרויע געסלעך, שימלענדיקע שטיבער,
אַרום אַ מאַרק מיט מיסטן און מיט שטויב.
דער הימל, דער וואָס אים האָט פּרץ אויסגעפֿיבערט,
האָט אַרײַנגעבלויט צו אַלעמען אין שויב.

געוואָלט האָט ער, דער דור, דאָס לעבן מאַכן שענער,
נישט נאָר פֿאַר זיך און פֿאַרן אייגן קינד —
איז ער געגאַנגען מיט די רויטע פֿענער.
איז דאָס אַ זינד, איז דאָס געווען אַ זינד?

געדענק איך נחומען. די אויגן בלוי און טיף,
דאָס קלוגע פּנים ערנסט איז און ביייניק.
ער האָט געפֿירט דאָס קרייזל פֿונעם „סקיף",
און ניידוסן געקענט אויף אויסנווייניק.

שיינדעלען געדענק איך נאָך פֿון קינדערגאָרטן.
(איר טאַטע איז געווען דער לערער פֿון תּנ"ך).
זי איז אַ לערערין געוואָרן טאַקע דאָרטן
און האָט אַ זוניקייט אין קלאַס אַרײַנגעבראַכט.

(ווען ס'האָט דער דײַטש געהייסן אויסטאָן זיך, איז זי
אַרײַן מיט נעגל אין זײַן צורה.
אין בויך געשטויסן מיט די דאַרע קני,
און אומגעקומען אין די קליידער אירע).

אהרענען. געטיילט מיר האָבן זיך מיט אָרעם ברויט און טיי,
געטיילט זיך מיט דעם עלנט פֿון יתומים.
איז ער געוואָרן אומגעדולדיק און אַוועק צו זיי —
עס איז סאָוועטנלאַנד געוואָרן גאָר אַ טרוים אים.

מײַן ברודער ברוך. הויט אוןביין און ליד.
געוואַרט האָט ער אין לאַנגע נעכט אָן שטערן
עס זאָל דער הימל אויפֿלויכטן צעגליט,
דעם נײַעם טאָג, דעם גליקלעכן, געבערן.

מיט בייזע רייד, מיט שרײַענדיקע לידער
פֿאַרשעמען זיי דעם אָנדענק פֿון אַ דור,
וואָס האָט אין פֿינצטערן, אין ענגן נידער,
געחלומט פֿון אַ הימל, ריין און קלאָר.

# אין מייַן ברודערס אָנדענק:

ברוך אָליצקי / ליד, פּראָזע,
י. צ. שאַרגעל / ברוך אָליצקי / עסיי
ביבליאָגראַפיע

## ברוך אַליצקי



ס'וואַרפֿט זיך מײַן תּבה, אַ וווּנדערלעך ווײַסע אויף רוקנס
פֿון כוואַליעס אין מבול, אין רויטן,
אין תּבה איז רויִק, נישטאָ קיין סימנים פֿון זינדיקן לעבן,
נאָר אויסער איך אײנער, דער אײנזאַמער נח...
איז וואָס אַז ס'ווערן פֿאַרטרינקען פלאַנעטן און ברידער
פֿאַרשעלטן און לעסטערן געטער
וואָס ס'האָט זייער דמיון אַליין זיי באַשאַפֿן? מיר רירט נישט,
מיר אַרט נישט, איצט בלי איך, איצט בלוי איך...

איך האָב ביז אַצינדערט די ווײַסינקע שיפֿלעך, די נײַנצן
באַלאָדן מיט פּירות, מיט אוצרות און בשׂמים
געטריבן אַליין מיט אַ ווילדער הנאה אין ברוזיקן שטורם פֿון דיר,
אינעם בלוטיקן שקיעה־געוויטער,
זיי זענען לאיבוד געגאַנגען די ערשטלינגען מײַנע אָ גלויב
ווי די עבאָס פֿון איינעם וואָס טרינקט זיך —
דרום שווים איך פֿול תּשובה אין תּבה פֿון צוואָנציקסטן יאָר
אַנטקעגן די פֿריידיקע נישאַרס פֿון חיסור.

**טריסק.**

(„שפּראָצונגען", וואַרשע, 1926)

## אַ שטעטל אזא

דאָס שטעטל ליגט פֿאַרוואָרפֿן אויף דער לינקער זײַט ניעמאַן; דער אימפּעטיקער ניעמאַן־שטראָם האָט ווי אַ שטריק מיטגעריסן די קרעפּטיקע מיטלסטע פֿאַליעס פֿון דער הויכער לאַנגער בריק, וועלכע האָט טאָקע אויסגעזען ווי אַ ציגיינערישע בויד, וואָס רוט זיך לעתעתהדיק אָפּ. פֿאַראָמען באַלאַדן מיט ייִדן, מיט פֿויערן, מיט תּבֿואות און שטיקלעך, זענען שלוהדיק געשוווּמען ווי באַוווינ־טע אינדזעלעך צום ברעג. די געהילצן, וואָס דער שטעטלשער טאַרטאַק האָט געזעגן, זענען געלעגן בײַם ברעג צעוואָרפֿענע, צע־שטרייטע, ווי זיי וואָלטן שוין וואָס גיכער וועלן אַוועק אין די ווײַטע מקומות. אַ פֿאַרבאָרגן קוזניעלע אין אַ טאָל, האָט ווי אַ בינשטאָק אויסגעשפּינן ברענענדיקע בינען און אַ ווײַס דאַמפּערל מיט אַן אויסגעצויגענעם פֿאַרסאַזשעטן האַלדז, האָט פֿון צײַט צו צײַט אַרויסגעלאָזן אַ פֿײַף. דער פֿײַף אַ שאַרפֿער, אַ שפּיזיקער, האָט זיך אַ דריי געטון און ווי אַ שאַרפֿע נאָדל אַרײַנגעלאָפֿן אין בלוט פֿון די מעת־לעתן. אַרום — אַ פּאָדקאָווע פֿון גרינע יאָדלע־וועלדער, די געגנט — געהייבלט. איינפֿיסיקע יאָדלעלעך דראַפּען זיך מיט די לעצטע כּוחות צו די הימל־שפּיצן, קוקן מיט פּחד אַראָפּ אין די טאָלן, וואָס זעען אויס ווי טיפֿע ריזיקע שיסלען, און ציטערן, ציטערן אין ווינט, שרעקן זיך טאָמער פֿאַלן זיי אַראָפּ, אַז די גרינע האָר זייערע שטעלן זיך אַזש קאָפּויר. אַ ברוינער שליאַך, צענטלי־קער סטעזשקעלעך צעלויפֿן זיך אין די אַרומיקע דערפֿער, וואָס דרימלען ווי זאַטע טשערעדעס. דער שליאַך מיט די סטעזשקעלעך זעט אויס ווי אַ ברוינע ריזיקע האַנט מיט צענומענע פֿינגער. דער שליאַך פֿירט אַרײַן אין שטעטל און גייט צו ביזן קליינינקן קלויסטערל, וואָס שטייט אינמיטן מאַרק.

## יעקב צבי שאַרגעל

# ב ר ו ך  אָ ל י צ ק י

אין זאַל פֿון פּ. קורסקי־ביבליאָטעק אין תּל־אביב, איז פֿאַר־געקומען אַ פֿײַערלעכער אָוונט געווידמעט דעם דיכטער און לערער ברוך אָליצקי, אײַנגעאָרדנט דורכן ישׂראלדיקן פֿאַרבאַנד פֿון געווע־זענע שילער און לערער פֿון די יידיש־וועלטלעכע שולן. עס האָבן זיך באַטייליקט מיט אָפּשאַצונגען און געדענק־רייד די שרײַבער און דיכטער א. גאָפּלאַט, נחמן מייזיל, בינם העלער, לייב אָליצקי און דער שרײַבער פֿון די דאָזיקע שורות, וואָס האָט געזאָגט צווישן אַנדערס :

...דער דיכטער ברוך אָליצקי, דער באַזונדערער און אייגנ־אַרטיקער אין זײַן לעבן און שאַפֿן, איז אויך געווען לערער. ער האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך שילער — אַזוי האָפֿן מיר — פֿון דרויע און מעזריטש, פֿון לונע און זשעטל, פֿון לאָדזש, פֿון גראָדנע און פֿון לאַכאָוויץ, וואָס דערמאָנען מיט ליבע און פֿאַרערונג זײַן נאָמען.

די קורצע, צניעותדיק־צונויפֿגעשטעלטע ביאָגראַפֿיע אינעם בוך איבערגעבליבענע לידער און געזאַנגען פֿון ברוך אָליצקי א. נ. „מײַן בלוט איז אויסגעמישט" (איקוף־פֿאַרלאַג, ניו־יאָרק, 1951, רעדאַקטירט : ל. אָליצקי), אַ ביאָגראַפֿיע וואָס וויינט־אויס בקול דממה דקה דעם יחידישן צער און דעם שבר בת עמי, דערציילט, אַז אין אָט דעם ליאַכאָוויץ, מיטן אַרײַנמאַרש פֿון די דײַטשישע קולטורווירטע קאַניבאַלן ווערט פֿאַרשניטן די דאָרטיקע יידישע באַ־פֿעלקערונג, ווי אומעטום ווו זייער, אויף אייביק־פֿאַרשאָלטן זאָל ווײַן זייער געביין, האָט זיך באַוויזן — ווערט פֿאַרטיליקט מי' און יצירה, עס גייט אונטער די יידישע שול און עס ווערן פֿאַרווישט און פֿאַר־מישט די טריט פֿונעם 34־יאָריקן אויסדרוק־רײַכן יידישן רעוואָ־לוציאָנערן פּאָעט **ברוך אָליצקי**.

ווען נישט די ליבע פֿון זײַנע געוועזענע שילער און לייענער וואָלט גאָרנישט לײַכט געווען אַזאַ שפּרונג צו טאָן אויף־צוריק פֿון אונדזערע קלוגע, אויסגעהוילטע ניכטערע טעג, אַזש ביז צו יענע צײַטן, וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ פֿופֿציק יאָר צוריק און דויערן אַ פֿינעף און צוואַנציק יאָר אינגאַנצן, וואָס זענען שוין אַזוי ווײַט, אַזוי אומגעהייער ווײַט פֿון אונדז: צו יענע צײַטן פֿון גלויבן און האָפֿן, פֿון פּחדלאָזן אַרויסרוף צו אַן איינגעפֿונדעוועטער וועלט, וואָס האָט זיך געווערט ווי אַ פֿאַרווונדעטע חיה און נישט געוואָלט אָפּטרעטן דאָס אָרט פֿאַר אָט־די גלויביקע יונגען אין וועמענס טשופּרינעס עס האָט געווייעט דער ווינט פֿון נײַעם אָנקומענדיקן טאָג; אין וועמענס אויגן עס האָבן געגליט די זװוּנגען פֿון אַ נאָענטן אחרית־הימים, און אין וועמענס הערצער עס האָט געזאָטן דאָס בלוט פֿון מענטשן־ליבע אין זכות פֿון „אָקטאָבער" — דאָס באַלײַכט אויך די ירושה, די ליטעראַריש־קינסטלערישע, פֿון אַזאַ יונגן מענטשן, ווי ברוך איז געווען און דער ברויזנדיקער, שטורעמדיקער פֿאַרמעסט זײַנער וואָס קומט צום אויסדרוק אין זײַנע לידער; און אַוודאי די ירושה פֿון דער באַדײַטנדיקער, אומפֿאַרגעסלעכער פּלע־יאָדע ייִדישע דיכטער און שרײַבער פֿון יענע צײַטן, וואָס האָבן געצונדן פֿײַערן אין די הערצער פֿון די דערשלאָגענע ייִדישע היי־מען און זענען אין אָט די הייליקע פֿײַערן אַליין פֿאַרברענט געוואָרן.

סײַ היסטאָריש, סײַ ליטעראַריש, איז אמת דאָס אָנרופֿן די פֿאַרבליבענע ירושה נאָך ברוך אָליצקין מיטן נאָמען „מײַן בלוט איז אויסגעמישט".

ס'איז אמת ליטעראַריש, ווײַל ס'איז ווויל באַוווּסט, אַז דער דעמלט ייִנגיטשקער בחור פֿון טריסק (קוים 17 יאָר אַלט!) האָט אין יאָר 1925 פֿאַרעפֿנטלעכט אין די דעמלט באַרימטע „ליטעראַ־רישע בלעטער" (וואַרשע), אַ רייף דראַמאַטיש־אָנגעלאָדן ליד אונטערן נאָמען „מײַן בלוט איז אויסגעמישט"..... —

**מײַן בלוט איז אויסגעמישט מיטן בלוט פֿונעם פּשוטן פּויער,**
**און ס'זינגט אין מיר דאָס ווילדע געזאַנג פֿון די טײַכן.**

**זײַן װײַטיק צעאַקערט מײַן האַרץ, װי דער אַקער זײַנע פֿעלדער,**
**באַזאָמענדיק עס מיט װילדע זאָמען,**
**און זײַן פֿרײד צעפֿלאַקערט זיך אין מײַנע אויגן,**
**װי ראָזע זריחה־שײַן אין שײַבעלער פֿון זײַנע באַטקעס.**

**עס פֿלאַטערן מײַנע טעג רעשיק און פֿילפֿאַרביק,**
**װי זונטיק די סטענגעס אויף די פֿלײצעס פֿון די טאַנצנדיקע שיקסעס.**
**— — —**

ס׳איז אָבער אויך אמת היסטאָריש, אַז אין יענער צײַט, בעת דער הערשאַפֿט פֿון די פּילסודסקיס און זײערע יורשים, װען די נאַציאָנאַלע מינדערהײטן זענען אין פּאַנישן פּױלן באַפֿאַלן געװאָרן מיט פּורעניות און גזירות מצד די הערשער, האָט זיך צװישן אַנדערע אַ הײב־געטון פֿון אַ שול־באַנק — פֿון דער **העברעיִשער** שול־באַנק ! — אַ יונגער, שײנער, לײַדנדיקער און מיטפֿילנדיקער ייִד, פֿון װעמען די שירה האָט אַ פֿלײץ־געטון װי פֿון אַן אויפֿגעברױזטן קװאַל, און זײַן געזאַנג אַ זונג־געטון... „צום װאָלינער פּויער״.

זײַט דעמלט, זינט דעם ערשטן ליד, װאַקסט זײַן כּוח, זײַן װילן און זײַן טאַלאַנט, און אונטער אָט־דעם נאָמען פֿאַרעפֿנטלעכט ער אין יאָר 1927 אין די זעלבע „ליטעראַרישע בלעטער״ (דער אָפּיציאָז פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין דער װעלט דאַן !) 15 סאָנעטן. אין גאָלדענע לידער (= שירי זהב, װי סאָנעטן װערן אָנגערופֿן אין עברית) זינגט ער מיט אַ פֿעסטער און דרײַסטער מענער־שטים דאָס געזאַנג צום װאָלינער פּויער און זאָגט : —

**אָ, אויפֿגעקומענער, געזונטער און באַבערדיקטער מיט מאָכן,**
**װי דײַנע נידעריקע פּלױטן די געפֿלאָכטענע און כאַטעדיקע דעכער,**
**דו, טיף־פֿאַראַקערטער אין ערדן — ביסט פֿון דעם דערהױבנסטן נאָך העכער,**
**און מער װי זונטיק ביסטו זונטיקדיקער בײַ דײַן אַרבעט אינדערװאָכן.**

— און אויב דאָס איז ווייניק, גיט דער דיכטער צו:

**דו ביסט דער טרייסטער, אַ באַפרייַער אייַנגעשפּאַנטערהייט אין יאָבן!**

און איר קענט זיך נישט באַפרייַען פון דעם איינדרוק, ווי אין דער איידעלער פאָרעם פון סאָנעטן האָט דער יונגער ברוך אַליצקי אויסגעפורעמט זייַן שיר השירים, זייַן ערשט ליבע־ליד צום פויער וואָס

**עס שפּרודלט דייַן מגושמדיקע גבורה נאָך און קוואַלט אין אַלע גלידער.**

און הייַנט, נאָך דעם ווי אָט־די פויערים האָבן מיט דער אַזוי־פרעכטיק באַזונגענער „מגושמדיקער גבורה" אויסגעסיקעט זייער שלאַנגען־גיפט און אים „אַריינגעגאָסן" מיט העק און מיט ביקסן אין זייערע ליבהאָבער־באַזינגער און זיי אומגעברענגט צוזאַמען מיטן וויטאַלסטן חלק פון אונדזער פאָלק, הייַנט בעת מיר קאָנען אַזוי גרויליק־ריכטיק פאַראַפראַזירן ברוכס ערשטע ליד און זיי לייענען: „מייַן בלוט איז אויסגעמישט מיטן בלוט פון די זעקס מיליאָנען ברידער און שוועסטער, זקנים וטף, וואָס דער געזונטער פויער, דער באַבערדיקטער מיט מאָכן האָט פאַרגאָסן"... הייַנט צו טאָג, כאָטש עס פאַלט דיר אַזוי שווער אָט־דער ביטערער פאַר־גלייַך קאָן מען נאָך לייענען אָט די לידער און גאַפן איבער זייער סאָנעטישער שיינקייט און איבער זייערע פרעכטיקע געמעלן, שטוינען איבער זייער פּאָעטישער רייַפקייט און עכטקייט, און באַ־לוינען דעם אָנדענק פון זייער שעפער מיט רייד פון לויב און פאַרערונג. ווייַל קינסטלעריש עכט איז דער גאַנצער איבערבלייַב זייַנער, די גאַנצע ירושה וואָס איז נאָך אים געבליבן. זייַן דיכטונג איז אַ רייַפע, אַ מענערלעך־שטאַרקע כאָטש ער אַליין איז קוים אַריבער דעם דריטן צענטליק. זייַן ליד איז דראַמאַטיש געשפּאַנט און אָנגעלאָדן מיט אידייע און גלויבן. פאַראַן בייַ אים לידער ווו יעדעס וואָרט איז אַ בילד, יעדער שורה — אַן אימאַזש... דאָס

איז דרײַסטע רעוואָלוציאָנערע שירה אויסגעטראָטן און געשאַפֿן דורך אַ ייִדישן בחור (און שפּעטער: יונגערמאַן) פֿון טריסק, וואָס שלאָגט־אָן צום יחוס פֿון ר׳ לייב שרהס און ר׳ אַהרעלע קאַרלינער, אַן אייניקל פֿון דעם גבאי ראשון בײַם טריסקער רבין און דער מיטלסטער פֿונעם באַקאַנטן דיכטער־דרײַלינג — די ברידער אַליצקי.

אַוודאי וואָלט מען געקענט אַ פֿרעג טון: —

נו, און כּרמי שלי? ווו איז געווען דאָס ייִדישע לעבן דאָן, פֿאַרוואָס האָט עס נישט איבערגעלאָזט קיין רושם אויפֿן יונגן ייִד?

זאָל איך זאָגן, אַז „אין גערעאַגל מיט די זיידעס״ — אָט די וווּנדערבאַרע זעקס סאָנעטן, אין וועלכע ער גיט אונדז מאָלעריש אַ פֿיר אַרײַן אין זייערע וווינונגען, אין וועלכע

**פֿאַרטשעפּעט מיטן לינקן פֿוס דאָ שטיי איך נאָך**
**בײַ אײַערע צעפֿוילטע, באַמזוזהטע און כּורעים־פֿאַלנדע אושאַקן**

אין וועלכע

**איך האָב געלאָזן איין און צוואָנציק יאָר**
**אויף פּאָוועטינע־הענגערס אין די שטיבלער אײַערע צעהאָנגען.**

זאָל איך זאָגן, אַז אָט־אָ־דער דיכטערישער וויכּוח און אָנקלאָג קעגן זײַנע קליינשטעטלדיקע זיידעס „אָט די תּולה־על־בלימאָניקעס״, ווי ער רופֿט זיי אָן. אַז דאָס איז זײַן גאַנצער צושטײַער צו די ייִדישע נויטן דאָן? אמת, אין זייער קינסטלערישקייט, אין זייער רײַפֿקייט, אין זייער פֿולבלוטיקייט און זאַפֿטיקייט, שטײַגן זיי העכער ווי די סאָנעטן צו די פּויערים, אָבער בעת דאָ קומט ער מיט ויכּוח און מיט טענות צו די זיידעס, קומט ער דאָרט מיט אומבאַגרענעצטער ליבע און צוטרוי ביזן „פֿאַרמישן די בלוטן״.

אָט זינגט ער דאָס קרעפֿטיקע ליד „געזאַנג צו מאַרוסיען״:

**ווי קרענעצעס מיט ראָסע דײַנע פּיס די באָרוועסע, גיטאַרעס בלויע שפּילנדיקע — דײַנע אויגן.**

**אויב נישט פֿאַר דיר, פֿאַר וועמען־זשע דאָס שווימענדיקע עמערל מיט האָניק אין די רוימען?**

— פֿאַר וועמען־זשע?

איז עס ווידער אַמאָל היסטאָרישער אמת: מאַרוסיע האָט געמאַכט האָניק און נישט — מירל. אָבער מיר פֿאַרצייכענען מיט ווייטיק: כּרמי שלי לא נטרתי! פֿאַרוואָר, נישט נאָר ברוך אָליצקי אַליין האָט געגלייבט און געלעבט אין זיין וווּנדערלעכער ליבשאַפֿט־מיסיע. נאָר אַ באַדײַטנדיקער טייל פֿון די ייִדיש־שרײַבער האָבן דעמלט געגלייבט באמונה שלימה און זיך מקריב געווען פֿאַר דער אַלגעמיינער מענטשהייט־באַפֿרײַונג, כאָטש דער גורל פֿונעם ייִד איז שוין געווען אַן אָנגעצייכנטער און זײַנע קאָנטורן זענען שוין געווען גענוג אָנזעעוודיק. דאַרפֿן מיר פֿון אים לערנען און לערנען.

און אַז מיר ווען זוכה זײַן צו אַ ישׂראלדיקן ברוך אָליצקי, וואָס וועט אַזוי יאָדערדיק־זאַפֿטיק, מיט אַזאַ פֿולקייט און אָנגעלאָדנקייט אויסזינגען דאָס ליד צום **ייִדישן** פויער, צו **ייִדישער** ערד, וועט עס זײַן אַ מצבה דעם יונג־פֿאַרשניטענעם פֿולבלוטיקן פּאָעט, וואָס האָט אין אַן אַנקעטע אין יאָר 1930 דערקלערט:

„אַלץ וואָס שמעקט מיט ערד איז געזאַנג, און אַלדאָס איבעריקע איז פֿאַר מיר אַ פֿליִענדיקע שפּינוועבס אין אַ זוניקן טאָג.

אַלץ שטאַרבט און פֿאַרגייט, בלויז די ערד איז געווען די אייביקייט און וועט זײַן די אייביקייט.

במילא איז דער פויער פֿאַר מיר מער ווי אַ יגיע־כּפּיימניק; ער איז אַלץ: זון און כמאַרע, פֿרייד און טרער, מוזיק און ריטעם, ווילדקייט און צעשויבערטקייט, בלוטדורשטיקייט און מענטשלעכקייט, אוראַלט און סוף כּל הדורות".

✲

ברוך אָליצקיס ברידער, לייב און מאַטעס, ווײַזן אַרויס גרויס פּיעטעט און ליבע צו זייער פּריצײַטיק אומגעקומענעם ברוך. זיי זאַמלען, רעדאַקטירן, ווידמען לידער און גיבן אַרויס זײַנע ווערק. זאָל דאָס פֿאַרצייכנט ווערן און דערמאָנט ווערן מיט לויב און באַוווּנדער צו די דאָזיקע מענטשלעכע שעפֿערישע ברידער.

אָקטאָבער, 1964

# ביבליאָגראַפֿיע

**אַליצקי מ.**: מײַן ברודער ברוך דער פּאָעט. „סביבה“, ניו־יאָרק.

**באַראַדין א.**: געקליבענע לידער. „ייִדישע צײַטונג“, ת״אביב, 19 אָקטאָבער 1969.

**בן־דוד**: „אייגנס“, תל־אביב, מאַי־יוני 1965.

**גלאַטשטיין י.**: אַ טרויעריק־אָריגינעלע לידער־זאַמלונג. „אידישער קעמפּער“ ניו־יאָרק, 17 דעצעמבער 1965.

**האַרן י.**: צוויי דיכטער פֿון יונגערן דור. „ייִדישע צײַטונג“ בוענאָס איירעס, 17 פֿעברואַר 1967.

**וואָלף־יאַסני א.**: דיכטער־טרויער נאָכן אומקום פֿון אַ ברודער. „לעצטע נײַעס“ תל־אביב, אויגוסט 1964.

**טורקאָוו י.**: פֿריילעכע טעג. „פֿאָלקסבלאַט“ תל־אביב, 1967.

**יאַנאַסאָוויטש י.**: אַ דענקמאָל פֿאַר אַ פֿאַרשניטן געזאַנג. „די פּרעסע“, בוענאָס איירעס, 19 יאַנואַר, 1966.

**יאַנאַסאָוויטש י.**: פּנימער און נעמען, זײַט 34.

**ילקוט ווהלין**: ל. אַליצקי. תל־אביב, זײַט 40.

**ENCYCLOPEDIA YUDAICA,** Vol. 12, p. 1362, Jerusalem.

**כהן ברכה**: אין יזכור־בוך „ראָטנע“. בוענאָס־איירעס, זײַט 374.

**למד י.**: אַ ייִדיש־משפּחה מיט אַ דיכטער־משפּחה. „לעצטע נײַעס“ תל־אביב, 28 אָקטאָבער 1964.

**NASZ GLOS, dodatek do „Folks-Sztime’** — Poeta najmłodszych, Warszawa, 2.11.1967.

**פֿאַרשער א**: ברוך אַליצקי. „פֿאָרווערטס“ ניו־יאָרק, נאָוועמבער 1964.

**שאַרגעל י. צ.**: אין אָנדענק פֿון ברוך אַליצקי. „ישׂראל שטימע“ תל אביב, 28 אָקטאָבער 1964.

**שטאָק צ.**: אַן ערלעכע און הערלעכע מצבה. „קולטור און דערציאונג“, ניו־יאָרק, נאָוועמבער 1964.

**שטערן ש.**: דערמאָנונגען און באַמערקונגען. „וואָכנבלאַט“, 8 אָקטאָבער 1975.

**שטערן ש.**: אַ דיכטער מיט אַ מעכטיקן טאַלאַנט. „מאָרגן פֿרײַהייט“ ניו־יאָרק, 30 אויגוסט 1987.

**זע אויך די ביבליאָגראַפֿיע פֿון יעפּים ישורון אין „לידער צו אַ ברודער“, זײַטן 61—64.**

# אינהאַלט:

## עסייען


וואָס דער פלוימענבוים געדענקט . . . . . 7
ביאָגראַפיש . . . . . . . . . . 13
דער נעכטן גייט אונדז נאָך . . . . . . 20
נאָסטאַלגיע אין די לידער פון דריי פּאָעטן . . 26
לייוויק און דער עפּלבוים . . . . . . 32
„די נאָדל”, אַ דערציילונג פון י. באַשעוויס . . 39


## שורות צען


דיַין ליד געדרוקט . . . . . . . . 47
אַן עמערל האָניק; גאָר אָפט . . . . . . 48
אַ בוים אין שניי; שניי . . . . . . . 49
אָוונט; געפּאַר . . . . . . . . 50
ווער<br>סטו קומען; וועסט נישט קומען . . . . . 51
אַ פּיצל בריאה׳לע! אַ ווערקע . . . . . 52
אַ פלאַטערל . . . . . . . . . 53
לעצטע דירה . . . . . . . . . 54
דער גבול . . . . . . . . . 56


## אין אָנגעוואָרף פון שטיין


אַלע מאָל . . . . . . . . . 59
צוויי הויכע הײַזער . . . . . . . . 60
אַלטע לײַט . . . . . . . . . 61
אַלטע פּיאַנאָ; אַ פידל . . . . . . . 62
ווײַסער נעפּל . . . . . . . . . 63
אין גרויסן אָפיס . . . . . . . . 64
אַ שפּאַציר; עס קלייבט זיך אויף רעגן . . . . 65
גאָסרעגן אין גרויסער שטאָט . . . . . . 66
ווידער רעגן . . . . . . . . . 67
נאָך אַ טאָג און נאַכט פון רעגן . . . . . 68
אַ בוים אין סקווער . . . . . . . . 69
דאָס הײַזעלע פון עדגאַר עלען פּאָ . . . . 71

שורות פֿיר . . . . . . . . 72
RUSH HOUR ; אין אַ באָס פֿון לייקוואוד . 73
אַ בוים אין פּאַרק . . . . . . . . 74
וואַסערן פֿון נאַכט . . . . . . . . 75
נישט פֿון שרעק . . . . . . . . 76
אַ מאַמע בלויז פֿון האַלדז און פּנים . . . . 77
ווידער מאַי . . . . . . . . . 78
איר לויטער פּנים . . . . . . . 79
אַ בין אויף דער שויב . . . . . . . 80

## דערמאָנונגען

איך וועל שטאַרבן אין ניו־יאָרק . . . . . 83
אין מיין צימער . . . . . . . . . 84
אַ כּוס מיט טיי . . . . . . . . . 85
פֿאָטאָגראַפֿיעס . . . . . . . . . 87
דעם שכנס גאָרטן ;ליידיקער שטאָל . . . . 89
עפּל . . . . . . . . . . 90
אַ ייִנגעלע פֿון פּוילן . . . . . . . 91
האַלצהעקערס . . . . . . . . . 92
דײַטשלאַנד 1946 . . . . . . . . 93
שטוטגאַרט . . . . . . . . . 94
ווערסט קומען אויף דער וועלט . . . . . 95
באַנען . . . . . . . . . 96
יונגע מאַמעס . . . . . . . . . 97
צו אַ יונגער מאַמען . . . . . . . 98
פֿירנדיק מײַן זון אין שול . . . . . . 100
דער לבֿנהס געבעט . . . . . . . 101
מיט פּענעס געשריבן . . . . . . . 102
ייִדישע מאַמעס פֿון שטעטלעך אין פּוילן . . . 103
מיט בייזע רייד . . . . . . . . 105

## אין מײַן ברודערס אָנדענק

ברוך אָליצקי : ליד, פּראָזע . . . . . . 109
י. צ. שאַרגעל : ברוך אָליצקי. עסיי . . . . . 112
ביבליאָגראַפֿיע . . . . . . . . 118